מײַנע ליבע אייניקלעך:
מיכל, טלי, דנה, איתן און ליאורה
דאָס בוך געווידמעט.

## וואָלף קאַרניאָל

# דער קאָרידאָר

### דערציילונגען





פאַרלאַג „ישראל־בוך"
הילפספאָנד פאַר ייִדיש־שאַפונג
תל־אביב, תשמ"ו — 1985

וולף קרמיול
# הפרוזדור
סיפורים

WOLF KARMIOL
# DER KORIDOR
Stories

וואָלף קאַרמיאָל
# דער קאָרידאָר
דערציילונגען

פאַרלאַג „ישראל־בוך"
הילפספאָנד פאַר יידיש־שאַפונג אין ישראל
רחוב איתמר בן־אבי 4, תל־אביב, ת.ד. 1777

Israel Publishing House
4, Itamar Ben Avi st., Tel-Aviv, P.O.B. 1777



**נדפס בישראל, תשמ"ו**
**Printed in Israel, 1985**

דפוס „אורלי" — פרידמאַן תל־אביב, טל' 372062

# סאַלאָמאָן

טאַראַנטשיק האָט געטראָפן זײַן פרײַנד זילבער אין דער באַראַכאָוו־ביבליאָטעק. זילבער איז געשטאַנען בײַ אַ טיש און האָט געבלעטערט אַ בוך. דערזעענדיק טאַראַנטשיקן האָט ער אַ שמייכל געטאָן:

— וואָס האָסטו זיך אויסגעפוצט הײַנט, גייסט זען אַ כּלה?

— כ'וועל דיך מיטנעמען... אַ יונגע חברה נעמט זיך הײַנט צונויף בײַ די ווינערס.

— כ'בין דאָך נישט אָנגעטאָן, אַפילו נישט אָפּגעגאָלט.

— ס'מאַכט נישט אויס...

טאַראַנטשיק האָט זילבערן אַ לײַכטן קלאַפּ געטאָן אויפן אַקסל, אַ וויש געטאָן די וואָנצע, וואָס האָט זיך ווי אַ קורצער פּתח געשוואַרצט אונטער זײַן שפּיציקער נאָז, און האָט אַ זאָג געטאָן:

— מיר גייען!...

דער יונגער זילבער האָט זיך אַרומגעקוקט...

— וואַרטסט אויף עמעצן?

זילבער האָט געשמייכלט. אין צווייטן עק זאַל זענען געשטאַנען יונגע מיידלעך און האָבן שטילערהייט געשמועסט צווישן זיך. „גאַרדאָניע"־יאַטן זענען אַרײַן מיט אַ געקלימפּער און האָבן שטיפעריש געוווּנקען צו די מיידלעך, אַרײַנגעקוקט אין די ביכער, וואָס די ביבליאָטעקאַרין האָט זיי דערלאַנגט.

— אויף וואָס וואַרטסטו, זילבער?...

— כ'גיי נישט.

— קום, נאַר, וואָס האָסטו צו טאָן? וועסט זיך זיכער אַוועק־שלעפּן אויף דער פּעטריקאָווער, אָפּשטעלן זיך בײַ די וויטרינעס, קוקן אויף די פאַרבײַגייענדיקע שיינע מיידלעך און טראַכטן ווי אַזוי איבערצובויען די וועלט...

זילבער האָט זיך צעלאַכט. די מיידלער האָבן זיך אומגעקוקט, אַ שמייכל געטאָן און ווײַטער געפירט זייער געמיטלעכן שמועס. זילבערס בליק האָט זיך געצויגן צו זייערע זוניקע פּנימער, אין וועלכע די יוגנט האָט פּולסירט מיט פרילינגדיקן מוט. זייער עלטער איז געווען אַרום 16, 17 און 18 יאָר.

טאַראַנטשיק האָט באַמערקט מיט וואָס זײַן חבר איז פאַר־אינטערעסירט.

— פאַר וואָס האָסטו נישט חתונה, זילבער?... האָט ער אים געפרעגט און האָט אים דערבײַ אָנגעקוקט מיט אַ שפּאָטישן בליק. — מילא איך, איך בין אָרעם, אָבער דו ביסט דאָך רײַך.

זילבער האָט פאַרביסן די ליפּן און זיך פאַרטראַכט.

— פאַר רײַכקייט מוז מען באַצאָלן — האָט ער געענטפערט.

— דײַנע סענטענציעס זענען מיר נישט אין גאַנצן קלאָר, נאָר אין סך הכּל זאָג, דו גייסט מיט מיר אָדער נישט, ווײַל מ׳וואַרט אויף מיר.

אַרויסגייענדיק מיט טאַראַנטשיקן פון ביבליאָטעק, האָט זילבערן אַרומגענומען דאָס געפיל, אין וועלכן ער איז לעצטנס אַרײַנגעטאָן געווען: דאָס געפיל פון וואַרטן... ווי די ווענט פון ביבליאָטעק מיט די לאַנגע פּאָליצעס ביכער, ווי די גרעסערע פּאָרטרעטן פון באַראַכאָוון און פּרצן, מיט די בילדער פון די באַוועגונגס־פירערס און פון די שרײַבערס וואָלטן אַלע צוזאַמען אויף עפּעס געוואַרט...

— הער, טאַראַנטשיק, קאָן מען אין אײַער פירמע נישט באַקומען קיין אַרבעט?...

— דו זוכסט אַרבעט? דו?... צו וואָס?

זילבער האָט נישט געענטפערט, נאָר אַראָפּגעלאָזט דעם קאָפּ און געגאַנגען ווײַטער. טאַראַנטשיק האָט זיך דערמאָנט, אַז דער אַלטער און רײַכער זילבער גייט אָן פאַר אַ קאַרגן...

אין דרויסן האָט זיך געזיפּט אַ רעגנדל. די אָנגעצונדענע עלעקטרישע לאָמפּן האָבן זיך אַרויסגעשיילט פון דעם אָוונט־דעמער. אויך זיי האָבן געוואַרט — האָט זיך זילבערן געדאַכט — אפשר זאָלן זיי זיך אַ וויג טאָן און מיט גאַנצן כּוח אַ זעץ טאָן

אין די שויבן פון די גרויסע דרײַשטאָטיקע מויערן, וואָס האָבן אַלט־באָביש און רײַך־פּריציש געקוקט אויף די דורכגייער.

— קוק נאָר אָן דעם פאַרגליווערטן לעבן — האָט זיך זילבער צערעדט — מען פרעסט, מען זויפט און מען קינדלט...

— הלוואי וואָלט איך זיך דאָס געקענט דערלויבן — האָט זיך טאַראַנטשיק צעלאַכט.

— ביסט אַ נאַר.

— יאָ, אָבער ווען דו האָסט אַ מאַמע און אַ יינגערן ברודער אויסצוהאַלטן און פאַר צוואַנציק זלאָטעס אַ וואָך מוזסטו יענעם ווישן, ווייסט שוין וואָס...

דער רעגן האָט געקלאַפּט אויף זייערע קאַפּעליושן, אויס־געגלאַנצט די טראָטואַרן, געוואַשן די שטיינער פון די ברוקירטע גאַסן. עטלעכע דראָשקעס זענען זיי פאַרבײַגעפאָרן מיט הויך־אויפגעשטעלטע שוואַרצע בוידן, וואָס האָבן געבלאַנקט אין שײַן פון די לאָמפּן. געוועלבן האָבן זיך אַרײַנגעשניטן אין דער פינצטערניש מיט גרויסע צעהעלטע וויטרינעס.

פאַרבײַגייענדיק די ביוראָען פון דער ווידזעווער מאַנופאַקטור, האָט זיך זילבער אָפּגעשטעלט אַ ווײַלע:

— ערשט האָט מען דערהרגעט זײַן ממזרישן זון און ער אַרבעט ווײַטער...

— טאָ איז וואָס?... אַשר קאָן לאַכט זיך אויס פון דעם. אַ זון מער, אַ זון ווייניקער, אבי אָנפילן די טאַשן... — האָט טאַראַנטשיק געענטפערט.

— און גויים זאָלן שרײַען, אַז די זשידעס פאַרכאַפּן די וועלט...

הינטער די שויבן האָבן געקלאַפּט די שרײַבמאַשינען, די ווינדעס האָבן געררוישט לויפנדיק אַהין און צוריק. פּלוצעם האָט זיך אויפגעפּראַלט דער טויער און אַ לאַנגער גלאַנציקער אויטאָ איז אַרויס מיט אַ גערויש.

— אָסקאַר איז אַוועקגעפאָרן מיט זײַן צווייט ווײַבל...

טאַראַנטשיק האָט גוט געקענט אַלע גדולים.

אַ געקלימפּער פון טעלערלעך, אַ געלעכטער, וואָס האָט געקלונגען שטיפעריש און ווייך איז אַנטקעגנגעקומען די צוויי חברים בײַם אַרײַנגיין אין עסצימער פון די ווינערס.

טאַראַנטשיק האָט זילבערן אַרײַנגעשטופּט פאַרויס:

— געבראַכט אײַך אַ נײַ העכטל — שלמה, כ׳מײַן סאַלאָמאָן זילבער.

פיר פּאָר מיידלשע אויגן האָבן זיך צוגעקלעפּט צו זילבערס פּנים. סאַלאָמאָן האָט זיך אַ רגע פאַרלוירן. באַלד אָבער האָט ער אויסגעשטערעקט זײַן האַנט און האָט זיך באַקענט מיט אַלעמען.

די באַלעבאָסטע, האַנקאַ, האָט זיי אײַנגעלאַדן צום טיש. ערשט איצט האָט זילבער באַמערקט צוויי אַנדערע בחורים. איינער, מיט אַ דאַר לאַנג פּנים, האָט צו אים אַ שאָקל געטאָן מיטן קאָפּ: — ווינאָגראַד.

זײַן קולעכל איז געווען אַ משונהדיקס — נישט פון אַ דערוואַקסענעם און נישט פון אַ קינד. „אַ בחור מיט אַ מוטאַציע־שטים" — איז דורכגעלאָפן זילבערן דורכן געדאַנק.

מ׳האָט געקײַט עפּל, שאָקאָלאַד, געזופּט טיי, דערציילט זיך ניסים פון „טאַבאַרין".

— געווען אין „טאַבאַרין"? — האָט זילבערן פאַרטשעפּעט אַ מיידל.

— געווען — האָט ער זיך פאַרהוסט.

— גיי שוין, גיי, בעלאַ, ער האָט נאָך אַפילו ניט אַרײַנגעשמעקט אין „מאַלינאָוואַ"־זאַל — האָט זיך טאַראַנטשיק אַרײַנגעמישט.

נישט קיין לאָדזשער? — האָט זיך בעלאַ אָנגעטשעפּעט אין אים. זי האָט שוין גוט פאַרשטאַנען ווער ער איז, אָבער זי האָט ליב געהאַט צו וויצלען זיך.

— עטלעכע יאָר נישט געווען דאָ, אָבער אַ לאָדזשער בין איך. און זילבער האָט אָנגעהויבן דערציילן וועגן זײַנע סטודענטישע יאָרן אין וואַרשע, פּראָג און בראַטיסלאַווע.

די מיידלעך האָבן זיך אײַנגעהערט. די בחורים האָבן געקנאַקט

וועלשענע ניס און פון צײַט צו צײַט אַרײַנגעוואָרפן אַ וויציקע באַמערקונג.

— ווי גוט עס איז אַרומצופאָרן! — האָט צום סוף בעלאַ אַ זיפץ געטאָן. איר רונדיק קינדעריש פּנים האָט זיך פאַררויטלט.

„זי האָט גאָר קיין בריסט נישט", איז אײַנגעפאַלן זילבערן צוקוקנדיק זיך צו איר.

— און וואָס טוט איר איצט? — האָט זיך אָנגערופן אַ צווייט מיידל, וואָס האָט ביז איצט געשוויגן.

— אַ שיינע מעשה — האָט טאַראַנטשיק אויסגעשאָסן — דער טאַטע איז רײַך ווי קורח...

זילבער האָט אים שפּאָטיש אָנגעקוקט און אַ זאָג געטאָן:

— איר זענט מיך מקנא...

זײַן באַקאַנטשאַפט מיט טאַראַנטשיקן איז פאַרגעקומען ערשט נישט לאַנג. זילבערן האָט פאַרדראָסן, וואָס ער איז אַרײַן אַהער צווישן נאַראָנים. דער שמועס האָט זיך גענומען פירן אַרום די פאַרטייען, זילבער האָט דערוויזן די צעשפּליטערטקייט פון די פאַרטייען, געטרייסלט מיט דער וועלט, געשאָטן מיט ציטאַטן. מיט אַ מאָל האָט ער זיך דערפילט צופרידן פון דעם, וואָס בעלאַ קוקט אים אָן מיט באַוווּנדערונג.

דער גרויסער אַלטמאָדישער קרעדענץ מיט די גלעזערנע שײַבלעך האָט געקוקט אויף אים מיט אַ גענעץ פון אויפגעפּראַלטע טירלעך. דער וואַנטזייגער האָט געוויזן דעם סוף פון דער עלפטער שעה.

— אַ, — האָט זיך זילבער אַ כאַפּ געטאָן — איך דאַרף גיין...

דער עולם האָט זיך צעלאַכט:

— פאַר וואָס?

— ביסט דאָך נישט קיין מיידל...

— געהערט אַ מעשה? אַ יונגער מענטש, און גייט שלאָפן מיט די אַלטע לײַט...

— ע, איצט גייט ער מסתמא אַ הוליע טאָן...

בעלאַ האָט זיך צעלאַכט. אירע ברוינע אויגן האָבן זיך געוויקלט

אַרום זילבערס געשטאַלט, געלייגט זיך אויף זײַן פּנים. דער עולם האָט גענומען אַרויסגיין. בעלאַ האָט זיך געשאַרט בײַ זילבערס זײַט. זי האָט געהאַט אַ מאָדנעם גאַנג, ווי אַ קאַטשקע. געשאָקלט זיך אויףביידע זײַטן. זילבער האָט דאָס באַמערקט.

גייענדיק האָבן זיי גערעדט וועגן פאַרשיידענע ענינים. זי איז געווען אַ סטודענטין פון פּעדאַגאָגישן סעמינאַר. דאָס איז געווען דאָס איינציקע וואָס איז פאַרבליבן זילבערן פון גאַנצן געשפּרעך. געטראָגן האָט זי אַן אָפּגעניצט בלוי מאַנטעלע און אַ בלוי היטעלע, וואָס אין געווען פאַרבויגן אַרויף־צו.

בײַם געזעגענען זיך לעבן איר הויז, האָט זי אים נישט פאַרגעלייגט ער זאָל זי באַזוכן. זי האָט נאָר אַ גלאַנץ געטאָן מיט די אויגן בײַם שײַן פון עלעקטרישן לאָמפּ, וואָס איז געשטאַנען נאָענט צו איר הילצערן הײַזל.



דער אַלטער זילבער האָט זיך געקאָכט:

— אַ יונג פון 27 יאָר זאָל נאָך זיצן בײַ מיר אַ בחור! ניין, ניין, ניין! די וווידיסלאַווסקיס איז בײַ אים אַ שלעכטער שידוך!...

זײַן פרוי האָט אים באַרויִקט:

— אָבער פאַרשטיי, דאָס מיידל געפעלט אים נישט...

— ער ווייס נישט, וואָס הייסט פאַרדינען אַ גראָשן... און דאָרט נעמט מען אים באַלד אַרײַן אין אַ געשעפט.

— און אין דײַן געשעפט? פאַר וואָס נישט אין דײַן געשעפט?

— בײַ רויע פעל? ער זאָל האָבן צו טאָן מיט קצבים? ניין, דאָס קאָן נישט זײַן. כ׳וועל מיט דער צײַט ליקווידירן ס׳געשעפט. כ׳האָב שוין גענוג געאַרבעט.

דער אַלטער זילבער האָט זיך געחידושט איבער זײַן זונס אויפפירונג. אַ בחור וואָס האָט שטודירט, געענדיקט פילאָלאָגיע. קיין אַרבעטספּלאַץ האָט ער נישט געפונען, און פון קיין געלט־שידוך וויל ער נישט הערן.

— אַלע האָבן גרויסע אויגן אויף מײַן כּאַלופּע, האָט ער אָפּט געטענהט צו זײַן ווײַב.

די כּאַלופּע איז געווען אַ דרײַ־שטאָקיקע מויער אין צענטער פון שטאָט. אַרויפגעאַרבעט האָט זיך דער אַלטער מיט די אייגענע כּוחות. זײַנע יונגע יאָרן זענען געווען שווערע. קעמפנדיק מיט עקשנות פאַר זײַן פאַרמעגן, האָט ער זיך צוגעוווינט צו זען אין יעטוועדן מענטש אַ שונא.

סאַלאָמאָן איז בײַ אים געווען דאָס פינפטע קינד, דאָס יִנגסטע. צוויי זין האָבן געוווינט אין וואַרשע. צוויי טעכטער האָבן רײַך חתונה געהאַט. דער אַלטער האָט נישט פאַרטראָגן ווען דער זון איז שפּעט געקומען אַהיים. כאָטש סאַלאָמאָן איז שוין לאַנג נישט געווען קיין קינד, האָט זײַן מוטער נישט געקענט אײַנשלאָפן ביז דער „תּכשיט" איז נישט געווען אין דער היים. דער יונגער זילבער איז געווען בטבע אַ שטילער, האָט ליב געהאַט רו און האָט נישט געוואָלט אײַנרײַסן מיט טאַטע־מאַמע.

האָבנדיק ווען נישט איז אַ זלאָטע אין טאַש, האָט ער נישט געקענט פאַרבעטן אַ מיידל אין אַ קאַפע, אָדער אין אַ קינאָ. אָפּטמאָל האָט ער געטראַכט, אַז דער טאַטע טוט עס פּלאַנמעסיק, כּדי ער זאָל וואָס גיכער פאַרלאָזן זײַן היים און נעמען אַ רײַכע כּלה. כאָטש אין דער פּרעמד האָט סאַלאָמאָן אָפּט פאַרקערט מיט מיידלעך, אָבער אין זײַן היימשטאָט איז ער אין דעם פּרט געווען זייער אָפּגעהיט.

דער אַלטער זילבער האָט נישט געקאָנט פאַרטראָגן, אַז זײַנע יונגען זאָלן זיך אַרומשלעפּן מיט „מיידן" צוליב דרײַ טעמים. ערשטנס, קאָן נאָך סאַלאָמאָן נעמען אַן אָרעם מיידל. צווייטנס, גיי ווייס צי די אַלע „מיידן" זענען געזונט. דריטנס, קאָן דאָס שאַטן דעם יונג צו אַ גוטן שידוך.

אין עלטער פון זעכצן יאָר האָט סאַלאָמאָן אַ מאָל געהערט פון טאַטן קלאָרע דיבורים: — אויב איך וועל זען מײַן זון מיט אַ מויד איז נאַ־נאָ... דערבײַ האָט דער אַלטער אַ קריץ געטאָן מיט די ציין. סאַלאָמאָן איז געווען זייער אַ פילבאַרער, האָט

שטאַרק ליב געהאַט די עלטערן און האָט זיי נישט געוואָלט וויי טאָן. פון וואַנעט ס׳האָט זיך גענומען זײַן אויסטערלישע ליבשאַפט און צוגעבונדקייט צו טאַטע־מאַמע, האָט ער קיין מאָל נישט געקאָנט דערגיין. דער טאַטע איז געווען אַ שטיקל דעספּאָט, און די מאַמע האָט אים בלינד געהאָרכט און פלעגט אָפּט זידלען אירע קינדער.

אַזוי האָט עס אויסגעזען אין די יונגע יאָרן. אין די שפּעטערע יאָרן האָט זיך שוין סאַלאָמאָן וויייניק וואָס גערעכנט מיטן טאַטן. אָבער זײַענדיק שוין אין די הויכע צוואַנציקער, האָט ער נישט איין מאָל מורא געהאַט גייענדיק מיט אַ מיידל, אַז עמעצער פון זײַנע עלטערן זאָל דאָס זען.

זײַן ערשטע ראַנדעווו מיטן שיינעם מין איז פאָרגעקומען אין וואַרשע, ווו ער האָט שטודירט, אין עלטער פון צוואַנציק יאָר. ער האָט זיך געוווּנדערט, וואָס ער האָט דערבײַ נישט דערפילט די לײַדנשאַפט און די גײַסטיקע דערהויבנקייט פון דעם מאָמענט, וואָס ענלעכע צו דעם ווערן אַזוי שיין און פאַרכאַפּנדיק באַשריבן אין די ראָמאַנען. און מאָדנע, ווען ער איז אַלט געווען זיבצן און אַכצן יאָר זענען אים די נעכט אַדורך אין פיבער פון זײַן לײַב און זײַן נשמה. ער האָט געגאַרט נאָך אַ מיידל, מיט וועלכער ער זאָל קאָנען גיין האַנט בײַ האַנט אין דעם וווּנדערבאַרן לעבן.

דאָס ערשטע מיידל וואָס ער האָט געקושט, אַלט זײַענדיק עטלעכע און צוואַנציק יאָר, האָט אים איין מאָל אַ זאָג געטאָן:

— ס׳וואָלט געפּאַסט דו זאָלסט זײַן אַ פּרוי...

נאָך די ווערטער האָט ער זי פאַרלאָזן און איז נישט צוריק־געקומען.

סאַלאָמאָן פלעגט פאַרברענגען זײַנע טעג און אָוונטן אין דער געזעלשאַפט פון עטלעכע נאָענטע חברים. איינער פון זיי איז געווען אַ יונגער אינזשעניער, וואָס האָט נישט געקאָנט באַקומען קיין פאָסטן צוליב זײַן ייִדישקייט. ער איז נישט איין מאָל אויפּ־געבראַכט געווען אויף סאַלאָמאָנען:

— דו ביסט אַ שלימזל. פאַר וואָס נעמסטו נישט איבער דײַן טאַטנס געשעפט?

— מוז ער דאָך וועלן אַרײַננעמען מיך.

— ער האַלט דאָס אַוודאי פֿאַר אַן אומכבוד פֿאַר דיר — האָט זיך דער אינזשעניער געוויצלט.

— איז וואָס וועט זײַן דײַן סוף? — האָט זיך צעכיכיקעט אַ יונגער אַפּליקאַנט.

— אַ שידוך — האָט אויסגעשאָסן אַ יונגער שרײַבער.

אַלע דרײַ זענען געווען אַרבעטסלאָזן. די ווינטערדיקע אָוונטן זענען זיי אָפּגעזעסן אין „אַסטאָריע" בײַ אַ טעפּל קאַווע. זומער פֿלעגן זיי אויסשפּאַנען די גאַסן און פּאַרקן און שילטן די פּוילישע רעגירונג און די גאַנצע וועלט.

— אָפּטמאָל דאַכט זיך מיר, אַז די לאָדזשער גאַסן האָבן גאָרנישט קיין סוף.

— יאָ, אַקוראַט פֿאַר מײַנע אָפּגעטראָגענע זוילן...

צוזאַמען מיט זיי האָט זיך אויך געשלעפּט סאַלאָמאָן.

— צו וואָס גייסטו מיט אונדז? — האָט איין מאָל דער אינזשעניער אַ מרוקע געטאָן. מילא מיר, מיר זענען מיט אַן אמת אין געהאַקטע צרות, אָבער דו שלעפּסט זיך מיט אונדז פֿאַר שוווילטאָג...

— דו ביסט אַ געפּעלשטער אַרבעטסלאָזער — האָט צוגעגעבן דער אַפּליקאַנט.

— מיר וועלן בײַ דיר צונעמען דאָס רעכט פֿון אָנגעהערן זיך צו אונדזער פּראָלעטאַרישער וועלט. אַלע חברים האָבן זיך צעלאַכט. זילבער האָט זיך דערפֿילט פֿרעמד. „גיי דערציייל זיי, אַז כ'האָב נישט קיין גראָשן בײַ דער נשמה..."

די יונגע לײַט פֿלעגן ווינטערצײַט אָפּזיצן שעהען לאַנג און שפּילן אַ „זעקס און זעכציק" בײַם שרײַבער. סאַלאָמאָן פֿלעגט זיך צוקוקן, נאָר קיין קאָרט האָט ער אין האַנט קיין מאָל נישט גענומען. ווען ס'פֿלעגט אים נמאס ווערן, פֿלעגט ער זיך אויפֿהייבן און אַוועקגיין אַהיים... איינער אַליין קריכן איבער די גאַסן, אָפּשטעלן זיך בײַ די רײַכע וויטרינעס, בײַ די גרויסע געשעפֿטן פֿון דאַמען־קליידער, דיוואַנען. אין די אָוונטן איז דער עולם אויף דער פּעטריקאָווער

גאַס שטענדיק אַ גרויסער. אויסגעפּוצטע דאַמען שווימען אַדורך מיט זייערע אויסגערוטע זאַטע פּנימער לעבן די אויסגעסטראַצלטע מענער; אַרבעטאָרינס מיט פּאַשטיילעס איבער די קעפּ; טראַמווייַען קלאַפּן אויס זייער מאָנאָטאָנעם געבראַזג; דראָשקעס לויפן פאַרבייַ, באַגלייט פון אַ בייַטשן־געקנאַל; אויטאָס שנייַדן דורך די גאַס מיט אַ הילכיקן סיגנאַל און אַ ווינטיקן גערויש.

גייענדיק ווייַט אַרויף צו דער פּעטריקאָווער גאַס, האָט סאַלאָמאָן נישט איין מאָל באַמערקט באָרוועסע קינדער, אויס־געדאַרטע מענער־פּנימער, שיכּורים, וואָס האַלטן זיך קוים אויף די פיס, קריכן אַרויס פון די באַרן.

מיט דער צייַט פלעגט ער זיך אָפּטער אָנשטויסן אויף אַרבעטסלאָזע מיט פּלאַקאַטן אויפן ברוסט און אויף דער פּלייצע: „כ׳בין אַרבעטסלאָז. גיט מיר אַ וועלכע ס׳איז אַרבעט״.

סאַלאָמאָן האָט אַ שיינע פּאָר מאָל איבערגעחזרט: „זיי האָבן נישט וואָס צו עסן. אויף זיי וואַרט נישט קיין מיטאָג אין דער היים...״ זייַנע חברים האָבן געטענהט, אַז עס מוז קומען אַן איבערקערעניש, אַן איבערברוך, אַ רעוואָלוציע..

— און דו וועסט פאַרלירן דייַן מויער — האָבן זיי אים געסטראַשעט.

—ס׳וועט אויסברעכן אַ מלחמה — האָט זיך געחכמעט דער אַפּליקאַנט — און איך וועל ווערן אַ ריכטער און נישט דאַרפן צאָלן קיין געלט מייַן פּאַטראָן. אַ מלחמה!...

די יונגע לייַט האָבן זיך צוגעהערט צו זייַנע רייד.

— אַ וועלט, ווו מיר קאָנען גאָרנישט טאָן, איז גלייַכער זי זאָל אונטערגיין...

— משוגעים! — האָט סאַלאָמאָן אַ געשריי געטאָן — אַ מלחמה מיינט דאָך טויט! באַנעמט איר דאָס נישט?...

— גוט! טויט פאַר דער דאָזיקער אָרדענונג.

— דאָס איז קודם כּל טויט פון מענטשן! — האָט סאַלאָמאָן דערווידערט.

— און ווען דו האָסט קיין גראָשן נישט אין טאַש, לעבסטו ?! ביסט עפּעס ווערט ?...

די דיסקוסיעס זענען שטענדיק געווען פאַרצויגענע און פיבערדיקע.

דער שרײַבער האָט געהאַט עטלעכע פּריוואַטע לעקציעס. דער אינזשעניער פלעגט פאַרדינען ראַדיאָס. דער אַפּליקאַנט פלעגט באָרגן בײַ איינעם און אָפּגעבן אַ צווייטן. סאָלאָמאָן פלעגט באַקומען פון צײַט צו צײַט אַ פּאָר גראָשן בײַ דער מאַמען.

אַ געוויסן אָוונט איז סאָלאָמאָן אַרײַנגעפאַלן צו האַנקען אין הויז. דער עולם האָט אים אויפגענומען מיט אַ הילכיקן הוראַ.

— הײַנט ביסטו שוין אַן אָפּגעראַזירטער... — האָט אים טאַראַנטשיק אַרײַנגעזאָגט.

— כ'האָב מיך אָפּגעוואַשן אויך, און די ביסט אייביק אַ שמוציקער.

סאָלאָמאָן האָט געלאַכט און האָט זיך גוט געפילט.

בעלאַ איז געזעסן בײַם טיש מיט אַ ווײַס קעלנערל אויסגעלייגט אויף איר ברוינער בלוזקע. אירע אויגן האָבן געפינקלט. די באַקן, ווי געווײנלעך, זענען געווען רויטלעך, אין איר לײַכטן שמייכל האָבן אַרויסגעקוקט צוויי רייען גלײַכע שניי־ווײַסע ציין.

„זי האָט אין זיך עפּעס פון אַ זעכצן־יאָריק מיידל" — האָט זיך סאָלאָמאָן געטראַכט.

ער האָט הײַנט געשאָטן מיט וויצן, געווען אויפגעלייגט. בײַם טיש האָבן אַלע געקוואָלן און געהאַלטן אין איין פאַרטשעפּען אים.

שפּעטער־צו האָט האַנקאַ אָנגעשטעלט דעם פּאַטעפאָן, און פאַרבענקטע טאַנגאָ־טענער האָבן זיך גענומען וויגן איבערן צימער. די בחורים, מעשה יונגע קאַוואַליערן, זענען אויפגעשפּרונגען, האָבן אײַנגעלאַדן די מיידלעך און זיך אָנגעהויבן דרייען איבערן סאַלאָן. סאָלאָמאָן איז געבליבן זיצן און האָט זיך צוגעקוקט צו די שוועבנדי־קע פּאָרלעך. די מיידלעך האָבן זיך געדרייט מיט פאַרחלומטע אויגן

און די בחורים האָבן אַלץ שטאַרקער געטוליעט זיי צו זיך. בעלאַ האָט געטאַנצט מיט טאַראַנטשיקן.

„זי איז ווי אַ ברעט, אָן אַ ברוסט", איז ווידער אַ מאָל איינגעפאַלן סאַלאָמאָנען.

טאַראַנטשיק האָט זי פעסט איינגעשלאָסן אין זיינע אָרעמס, געוויגט זיך מיט איר צום ריטעם פון די קלאַנגען. „צוויי לייבער, צוויי קעפּ, איין אויסטערלישע חיה..."

סאַלאָמאָן איז אַרויס אין קאָרידאָר, האָט שטיל אָנגעטאָן דעם מאַנטל און איז לאַנגזאַם אַרויס אין דרויסן. געשפּאַנט האָט ער איבער דער האַלב־ליידיקער גאַס מיט אַ מאָדנעם געפיל פון טרויער, צאָרן און מורא.

דער גרויסער זייגער פון „פּריזהייטס־פּלאַץ", וואָס האָט געשטאַרט מיט זיין ווייס פּנים, האָט אויסגעשלאָגן צוועלף.

„פאַרזעסן זיך" — האָט סאַלאָמאָן געזאָגט צו זיך אַליין און איז אַוועק צו דער פּעטריקאָווער גאַס. ער האָט לאַנג געשפּרייזט איבער די פּוסטע גאַסן, געקוקט אין די וויטרינעס און האָט גאָרנישט געזען. ס'זענען אים נאָכגעגאַנגען די טאַנגאָ־טענער און די הייסע אָטעמס פון די טאַנצנדיקע...

ווען ער האָט אָנגעקלאַפּט אין דער פאַררינגלטער טיר פון זיין היים, איז שוין געווען זייער שפּעט. די מאַמע איז אים אנטקעגנגעקומען מיט אַ גוואַלד:

— כ'האָב שוין נישט געוווּסט וואָס איבערצוקלערן... ס'איז דאָך שוין באַלד טאָג!

סאַלאָמאָן האָט זיך געלייגט אין בעט, נאָר ער האָט נישט געקאָנט איינשלאָפן. „כ'האָב קיין גראָשן נישט ווי דער גרעסטער קבצן" — האָט פון אים אַרויסגעשריִען. זיין אַרבעטסלאָזיקייט און זיין חרפּה האָבן זיך פאַר אים אַוועקגעשטעלט אין זייער פולער נאַקעטקייט.

אין חלום האָט ער געטאַנצט מיט פאַרשיידענע פרויען, אָבער קיין טאַנץ האָט ער נישט געקענט דערטאַנצן ביזן סוף. עפּעס האָט

אים געשטערט. אַ מאָדנע חיה מיט צוויי לײַבער און מיט צוויי קעפּ האָט אים אָנגעקוקט מיט צענדליקער ווילדע אויגן...

*

סאַלאָמאָן האָט אַ לענגערע צײַט אויסגעמיטן האַנקאָס הויז. ס'זענען פאַרגאַנגען עטלעכע חדשים.

— דו ביסט עפּעס צו אָפּט ראַזירט — האָט אים דער אַפּליקאַנט איין מאָל פאַרטשעפּעט.

— מסתמא גייט ער אויף זעונגען — האָט זיך געוויצלט דער שרײַבער.

— און זעט נאָר ווי ער טוט זיך לעצטנס אָן...

— גיי ווייס, אַז באַלד וועט ער אַ חתן ווערן...

— מיר איז אײַנגעפאַלן אַ גוטער געדאַנק, — האָט זיך אָנגערופן דער אינזשעניער — זאָל סאַלאָמאָן חתונה האָבן, וועלן מיר האָבן בײַ וועמען צו לײַען געלט.

סאַלאָמאָן האָט געשמייכלט פון זייער חכמען זיך אויף זײַן חשבון. ער האָט דערשפּירט אַ מין שטאַרקייט אין זײַן גאַנצן וועזן, און אַ רויִקייט.

איין מאָל האָט ער זיך געכאַפּט, אַז ער שפּאַצירט אויף דער גאַס ווי בעלאַ וווינט. האָט ער זיך אומגעקערט און איז אַרײַן אין אַ קינאָ אין אַ זײַטיק געסל. געקוקט אויפן עקראַן און נישט באַנומען וועגן וואָס דאָרט האַנדלט זיך. איז ער נישט דערזעסן ביזן סוף סעאַנס און איז אַוועק אַהיים.

אַ ווידערגעפיל האָט זיך אין אים גענומען וועקן צו די שטובמענטשן, צו זייערע רייד און מעשים, אַ האַס צו דעם שטייגער לעבן פון זײַנע עלטערן. דער טאַטע איז כּסדר געווען אויפגערעגט צוליבן געשעפט, אויסגערעדט כל מיני שלעכטס אויף זיינע קאָנ־קורענטן, וועלכע ווייסן גאָרנישט און פאַרשטייען גאָרנישט.

— מען מוז אַרײַנלייגן מער געלט אין געשעפט, פאַרברייטערן אים, אויפמאַכן אַ פיליע אין קאַטאָוויץ — האָט ער געזאָגט אויפן קול.

— און איך זאָג דיר, אַז דו האָסט שוין גענוג געהאַנדלט — האָט געענטפערט זײַן ווײַב — ס׳איז שוין צײַט פּאַר אַ ייִדן אין דײַן עלטער אָפּצורוען זיך, דיר ווילט זיך נישט אַנדערש נאָר עפּענען אַ פּיליע, כּדי צו דעקן דעם פאַרלוסט, וואָס דו האָסט דעם לעצטן יאָר געהאַט...

— וואָס ווייסטו? דו האָסט דאָך קיין אַנונג נישט פון פירן געשעפטן!

דער אַלטער האָט זיך געקאָכט, געשריִען, האַסטיק געררוקט די שטולן. ער האָט ליב געהאַט זײַן געשעפט. אָבער די אַלע ענינים זענען דעם יונגן זילבער דערווידער געווען, צוזאַמען מיטן טאַטנס כּסדרדיק געשריי: געלט, געלט, געלט! דער זון האָט גוט פאַר־שטאַנען, אַז ווען ער, סאַלאָמאָן, וואָלט געטאָן אַ רײַכן שידוך, וואָלט ער אים גערן אַרײַנגענומען אין געשעפט ווי אַ שותּף.

איין מאָל, ווען סאַלאָמאָן איז געקומען אַהיים, האָט ער באַמערקט ווי זײַן טאַטע דרייט זיך הין און צוריק אין זײַן קאַבינעט. זײַן פּנים האָט געשײַנט.

— סאַלאָמאָן, דער שדכן פון די ווידיסלאַווסקיס איז דאָ געווען...

— יאָ...

— ער האָט באַשטימט אַ זעונג אויף מאָרגן אָוונט.

סאַלאָמאָן האָט זיך זייער אויפגערעגט. אַלע קאָלירן האָבן זיך געביטן אין זײַן פּנים. פאַר אים איז אויפגעשוווּמען בעלאַס בילד. דאָס האָט אים נאָך מער צעשרויפט און זײַן כּעס האָט זיך צעפלאַמט אין פײַער־רויטע צונגען. מיט די לעצטע כּוחות האָט ער זיך באַהערשט.

דער אַלטער האָט דאָס באַמערקט, און זײַן געזיכט האָט פאַרצויגן אַ וואָלקן. נאָר ווי באַלד סאַלאָמאָן האָט פאַרשוויגן, האָט ער מיט אַ געפּרעסט קול געזאָגט:

— כ׳מײן, אַז דו האָסט גאָרנישט דערקעגן...

דאָ איז שוין סאַלאָמאָן אַרויס פון די כּלים... צענדליקער קולות האָבן זיך אין אים צעשריִען:

„ניין, ניין! כ׳וועל נישט גיין!...״

זײַנע ליפּן האָבן זיך פאַרקרימט. ער האָט אַ קוק געטאָן אויפן טאַטן און ס׳האָט אים אַ שטאָך געטאָן אין האַרצן. אַ גרויער אַלטער מאַן, זײַן טאַטע, בעט זיך בײַ אים... „מ׳דאַרף גיין... טאָן אים איין מאָל צוליב...״ ער האָט געפילט ווי דעם טאַטנס ווילן פאַלט אויף זײַנע אַקסלען ווי אַן אײַזערנע האַנט.

סאָלאָמאָן איז פּשוט שווער געווען אָפּצואָטעמען. ער האָט געפאָלגט, ווי אַ שקלאַף פאָלגט זײַן האַר. מיט אַ קלאַפּנדיק האַרץ איז ער אַרויף די שטיגן פון שיינעם פּאַלאַצל, וואָס איז געשטאַנען לעבן דער הויפּטגאַס, אין אַ גאָרטן מיט פאַרשיידענע ביימער.

די כּלה איז געווען אַ יאָר פערציק. ס׳פּנים — פאַרשמירט, צוגעפאַרבן. שוואַרצע געציילטע ציין האָבן זיך אַרויסגעזען אין חלל פון איר מויל.

„אַזאַ שטיינרײַך מיידל קאָן זיך נישט דערלויבן אַרײַנשטעלן ציין?״ — האָט סאָלאָמאָן געטראַכט. ער האָט גערעדט מיט איר, און יעדעס וואָרט האָט אים געקאָסט לעבן. די ווענט זענען פאַרהאַנגען געווען מיט טײַערע בילדער און פאַרשטעלט מיט זעלטענע שניצערײַען. פון אַלע זײַטן טירן מיט געשליפן גלאָז. ער האָט געהאַט אַ געפיל, ממש געשפּירט, אַז מ׳אָבסערווירט אים. „מסתמא חברטאָרינס, וואָס זי האָט פאַרבעטן, אָדער אירע ייִנגערע שוועסטער״.

באַלד איז אַרײַן אַ שיקסע אין אַ ווײַסן פאַרטעך און אַ ווײַסן טשעפּיק און האָט געשטופּט פאַר זיך אַ טישל מיט כּל טוב. דאָס שטיקל שאָקאָלאַד, וואָס ער האָט גענומען אין מויל, האָט אים געוואָרגן אין האַלדז. ער האָט געהערט ווי פון דער ווײַט ווי דאָס מיידל דערציילט אַ מעשה, ווי זי האָט שטודירט פּסיכאָלאָגיע אין ווין...

„גאָטעניו, פאַר וואָס איז זי דאָרט נישט אויסגעבאַפּט געוואָרן?״ — האָט זיך סאָלאָמאָנס האַרץ געבונטעוועט. האָט ער זיך אַ ריס געגעבן פון אָרט, העפלעך פאַרנייגט זיך פאַר דער אויסגעפּוצטער דאַמע און איז נישט געוואָרן.

מיט ראַשיקע טריט האָט ער געיאָגט אַהיים. ווי לאַנג ס'האָט אים אַזוי געטריבן, האָט ער נישט געוווּסט. ער איז פּשוט נישט געווען בײַם פולן באַוווּסטזײַן. פּלוצעם האָט ער זיך דערזען בײַ בעלאַס הויז. אַן אינערלעכער דירעקטיוו האָט אים געבראַכט צו איר טיר און באַפוילן אַנדריקן אויפן עלעקטרישן קנאָפּ.

קיינער האָט נישט געענטפערט. קיינער איז אים נישט אנטקעגנגעקומען. איז ער געשטאַנען אַ פּאַרלוירענער אַ פּאָר מינוט אין קאָרידאָר און איז אַרויס אין דרויסן. ערשט בעלאַ איז אים אַנטקעגן געקומען.

— אָ, פון וואַנען קומט איר ?

ער האָט זיך געפּלאָנטערט, עפּעס געשטאַמלט. האָט אַ דריק געטאָן איר האַנט און איז אײַליק אַוועקגעגאַנגען. בעלאַ איז געבליבן שטיין מיט אַ האַלב־אָפן מויל און צעטומלטע אויגן...

אַ פּאָר טעג שפּעטער איז ער אײַנגעלאַדן געוואָרן צו בעלאַן. סאַלאָמאָן האָט דאָרט געטראָפן אירע חברים און פרײַנדינס. זי האָט פאַרנומען אַ לעצט צימער אין איר פאָטערס וווינונג. אַ צימער מיט אַ באַזונדערן אַרײַנגאַנג. די ווענט — ראָזלעכע. עטלעכע אַקוואַרעלן. אין די פענצטער — וואַזאַנען. דאָס איז געווען אַ פּאַרטער־וווינונג און ס'האָט זיך דאָרט געשפּירט אַ לײַכטע טונקלעקייט.

די מיידלעך און די יונגע לײַט זענען געזעסן בײַ אַן אָוואַליק טישל, צוגעביסן מאַראַנצן, עפּל, געלאַכט, דערציילט וויצן, מעשהס, געקיבעצט.

„ווי גרינג מיר איז דאָ" — האָט זילבער אַ טראַכט געטאָן. אין אַ נישע האָט ער באַמערקט אַ פענצטערל מיט אַ שענקל ביכער. דאָס פענצטערל האָט געמוזט בלײַבן פון די צײַטן ווען דאָ איז געווען אַ ביוראָ, פון וועלכער מ'האָט שפּעטער מסתמא געמאַכט די וווינונג.

סאַלאָמאָן איז צוגעגאַנגען צום שענקל און האָט איבערגעקוקט די ביכער, אַרײַנגעאָטעמט זייער ריח, געקוקט אויף די שטילע

צעהאַנגענע אַקוואַרעלן און האָט געשפּירט די רויִקע געמיטלעכקייט פון הויז.

— וואָס גייט איר אַרום? פאַר וואָס זיצט איר נישט? — האָט בעלאַ געפרעגט באַוועגנדיק מיט אַ האַנט. איר האַנט איז נאָך אַ ווײַלע געבליבן הענגען אין דער לופט, ווי זי וואָלט אונטער־געשטראָכן די פראַגע.

סאַלאָמאָן האָט זיך צוגעזעצט צום טיש, אַרײַנגעפלאָכטן זיך אין שמועס און האָט נישט אויפגעהערט צו אָבסערווירן בעלאַן, די תנועות פון איר פּנים, פון די אויגן און ברעמען.

— היטלער איז אַרײַן אין טשעכאָסלאָוואַקיע — האָט טאַראַנטשיק זיך ווידער אומגעקערט צום איבערגעריסענעם געשפּרעך — און בײַ דעם וועט דאָס בלײַבן. קיינער וועט איבער דעם נישט דערקלערן קיין מלחמה. מ׳וועט דאָס אַראָפּשלינגען.

— כ׳וואָלט נישט געוואָלט ס׳זאָל אויסברעכן אַ מלחמה, — האָט בעלאַ געזאָגט.

— פאַר וואָס? — האָט ווינאָגראַד געפרעגט.

— ווײַל ס׳וועלן נישט זײַן קיין דאַמען־זאָקן, — האָט בעלאַ געענטפערט מיט שפּאַס.

די אַרומיקע האָבן זיך צעלאַכט.

זילבערן איז ווידער באַפאַלן אַ שווערע שטימונג מיט אַ מאָל. אויך דאָ האָט ער געהאַט אַן אײַנדרוק, אַז מ׳וואַרט אויף עפּעס... מ׳וואַרט... ער האָט אָנגעשפּאַרט דעם קאָפּ אויף ביידע הענט.

— היי, פילאָזאָף, וועק דיך אויף!

ס׳איז שוין געווען שפּעט ווען ער איז געגאַנגען אַהיים. די מאַמע האָט אים געעפנט די טיר.

— ווו שלעפּט מען זיך דאָס אַרום?...

האַלב אָנגעטאָן האָט זי זיך אַוועקגעזעצט אַנטקעגן אים און גענומען אײַנטענהן: — כ׳בעט דיך, ווער איז די מויד, מיט וועלכער דו שלעפּסט זיך אַרום? "ווײַזט אויס אַז מ׳האָט אים געזען מיט בעלאַן, אָדער די מאַמע פּרוווט גלאַט אין דער וועלט אַרײַן טרעפן."

— כ׳בין דאָך אַ יונגער מענטש...

— טאָ טו אַ שידוך.

ס׳האָבן זיך אָנגעהויבן שווערע טעג פאַר סאַלאָמאָנען. ער איז געזעסן בײַם טיש צוזאַמען מיט די עלטערן, נאָר ס׳איז אים שווער געווען דעם ביסן אַראָפּצושלינגען. ער האָט מורא באַקומען פאַרן טאַטנס אויגן. ער איז זיכער געווען, אַז דער טאַטע איז בייז אויף אים און איז גרייט אים דורס זיין. מסתמא האָט ער שוין געוווּסט, אַז ער שלעפּט זיך אַרום מיט „מיידן". ווען ער איז געווען אין שטוב און האָט געהערט, אַז דער טאַטע קומט, האָט זײַן האַרץ אָנגעהויבן שטאַרק קלאַפּן. ער האָט אויסגעמיטן צו קוקן אים גלײַך אין פּנים.

זיינע באַוועגונגען זענען געוואָרן נישט זיכער, ער האָט פאַרלוירן זײַן גלײַכגעוויכט. האָט ער באַשלאָסן אויפצוהערן טרעפן זיך מיט זײַן פרײַנדין. „צו וואָס דאַרף איך דאָס אַלץ?" — האָט ער געזאָגט צו זיך אַליין.

ס׳זענען פאַרבײַ וואָכן פון פולשטענדיקער אָפּגעזונדערטקייט. נאָר פלוצעם האָט אים אַ ציִ געטאָן צו געזעלשאַפט און ס׳איז אים באַפאַלן אַ בענקשאַפט צו זײַנע באַקאַנטע מיידלעך און בחורים. פלעגט ער אַרײַנשפרינגען צו האַנקאַן זיצן אַ ביסל בײַ איר. נאָר אויב בעלאַ איז נישט געווען, האָט ער זיך אויך געלאַנגווײַליקט. ס׳האָט נישט לאַנג גענומען ביז ער האָט זיך איבערצײַגט, אַז אייגנטלעך זוכט ער נאָר בעלאַן.

ערשט איצט האָט זיך אָנגעהויבן זײַן געראַנגל מיט זיך אַליין. ביז איצט האָט זיך סאַלאָמאָן אונטערגעוואָרפן דעם ווילן פון זײַנע עלטערן. פון זיי איז ער געווען אָפּהענגיק, און זיי האָט ער אונטערטעניקט זײַן ווילן. ער האָט אָבער בשום אופן נישט געוואָלט ווערן אָפּהענגיק פון אַ פרוי. ער האָט פאַר דעם מורא געהאַט.

אָבער זײַן דערמאָנען זיך אין בעלאַן האָט אים נישט איין מאָל אַרויסגעראַטעוועט פון אומעטיקע מחשבות, און נישט איין מאָל האָט זי אויפגעשײַנט ווי אַן אויסלייזונג, אַ דערקוויקונג פאַר דער נשמה.

יאָרן לאַנג האָט ער זיך אַרומגעטראָגן מיטן באַוווּסטזיַין, אַז אים פעלט עפּעס, אַז זיַין האַרץ שלאָגט אין שטענדיקער דערוואַרטונג אויף עמעצן, און דער צופאַל האָט אים געבראַכט צו בעלאַן... דאָס איז שוין קלאָר געווען פאַר אים, אָבער דער אַנאַליז האָט אים נישט געקענט העלפן אין זיַין פּחד פאַרן אַריַינפאַלן נאָך אין אַ טיפערן תּהום...

ס׳זענען געווען טעג פון אַרומדרייען זיך אויף בעלאַס גאַס, אַרום איר הויז. ער האָט פאַרשטאַנען, אַז אַזאַ מצב קאָן לאַנג נישט אָנהאַלטן. נאָר מיט וואָס און קעגן וואָס, קאָנקרעט, ער האָט זיך געראַנגלט, האָט ער זיך נישט געקאָנט קלאָר מאַכן.

ווען ער פלעגט אַריַינגיין צו האַנקאַן און טרעפן דאָרט בעלאַן, פלעגט ער זיצן אַ פאַרכמורעטער, און נישט איין מאָל געענטפערט מיט בייזקייט אויף אירע ווערטער. זי האָט אים נישט געשאַנעוועט, נישט דורכגעלאָזן קיין וואָרט.

איין מאָל האָט ער געליִען צוויי זלאָטעס ביַי בליַישטיפטן און פאַרבעטן בעלאַן אין קינאָ. ער האָט זי געפירט אונטערן אָרעם. איר אָרעם האָט געציטערט ווי איר האַרץ. סאַלאָמאָן האָט זיך ס׳ערשטע מאָל אָנגעשטויסן אויף אַזאַ מין פּילבאַרקייט. ער האָט זי עפּעס געפרעגט. זי האָט צוגעבויגן דעם קאָפּ צו זיַין אַקסל. ער האָט מיט די ליפּן אָנגערירט איר פּנים. זי האָט זיך האַסטיק אָפּגערוקט. איז ער באַפאַלן מיט קושן איר אָרעם...

פון דעמאָלט אָן האָט ער אָנגעהויבן אַריַינקומען צו איר אין הויז. געשפּירט אַן אויסטערלישע ביטערע זיסקייט ביַים זיַין ביַי איר. ווען ער האָט זי געקושט, האָט זי אים געבעטן אַרויסגיין און געקוקט דורך דער גלעזערנער טיר, צי די דינסט, אָדער עמעצער פון די עלטערן זעען נישט.

ער פלעגט זיצן שפּעט און שטערן איר ביַים צוגרייטן זיך צו די עקזאַמענס. נאָך אַ מאָל גיין אין קינאָ מיט אים האָט זי נישט געוואָלט. פלעגט זי רעדן מיט אים וועגן אַלץ אין דער וועלט און... וואַרטן. ער האָט דאָס געפילט — זי וואַרט...

ער האָט זי געמאַטערט און אויך זיך. און די טעג זענען געלאָפן.

די עלטערן זענען צו אים צוגעשטאַנען ער זאָל ענדלעך חתונה האָבן. די חברים האָבן פון אים שטילערהייט געלאַכט.

נישט ווילנדיק פלעגט ער איר ווי טאָן, דערציילן וועגן זייער גערוימער וווינונג אויפן צווייטן שטאָק מיט אַ באַלקאָן צו דער גאַס, וועגן זייער גרויסן הויז.

— איך וועל אויך וווינען אויפן צווייטן שטאָק, — האָט זי געשמייכלט.

איין מאָל האָט ער באַמערקט, אַז אירע בריסט זענען גרעסער געוואָרן, אַז זי האָט זיך גענומען שענער אָנטאָן, געקויפט אַ הוט מיט אַ ברייטן שוואַרצן ראַנדאַ.

„גיט זי נישט אויס אירע אָפּשפּאָרונגען?״ — האָט ער אַ טראַכט געטאָן.

ס'איז געקומען דער זומער. אין גרויסן פּאָניאַטאָווסקי־פּאַרק פלעגן זיי זיצן ביז שפּעט אין אָוונט. זיי האָבן שטענדיק פאַרלאָזן דעם גאָרטן די לעצטע. זיי פלעגן זיצן אויף אַ באַנק. ער פלעגט זי קושן. איר הוט פלעגט אַראָפּפאַלן אויף דר'ערד. זיי פלעגן פאַרגעסן אים אויפצוהייבן.

אין העלענאָוו־פּאַרק פלעגט זי שטיין ביז דער טיפער נאַכט און קוקן אויפן זילבער־סטאַוו אין שײַן פון דער זומערדיקער לבנה.

ער איז געשטאַנען לעבן איר און געפּרעסט זײַן גוף צו איר זײַט.

בײַ דער טראַמוויי־סטאַציע פלעגט ער זי קושן אין מיטן העלן טאָג. זײַנע ליפּן פלעגן אים שפּעטער ברענען, ווי ער וואָלט זיך צוגערירט צו הייסע קוילן, ער איז שוין אינערלעך געווען אָפּגעבריט.

די טעג אין די פּאַרקן, די געשפּרעכן, וואָס זענען, אייגנטלעך, געווען פיזישע לבושים פון האַרציקע טענער, און די צעשטראַלטע בליקן זענען פאַרגאַנגען אין אַ תענוג פון גרויסער פרייד. זיי זענען געווען גליקלעך אָבער צעאַמפּערט. אַ שטילער געראַנגל איז צווישן זיי אָנגעגאַנגען. וויביידע וואָלטן זיך נישט געוואָלט אונטערגעבן.

איין מאָל, ווען ער איז געקומען שפּעט אַהיים, איז די טיר

פון זײַן טאַטנס שלאָפצימער געווען אָפּן. דער טאַטע איז געלעגן אין בעט און האָט געררייכערט אַ ציגאַרעט. זייערע בליקן האָבן זיך באַגעגנט. דער טאַטע האָט שטיל אַ רוף געטאָן:

— סאַלאָמאָן...

דער זון איז אַרײַן אין שלאָפצימער. דעם טאַטנס גרוי, שיטער בערדל האָט עפּעס געציטערט. דער אַלטער האָט אַוועקגעלייגט דעם צעגאַרעט:

— ווייסט, אַז ס'מיידל איז אַ קצבס אַ טאָכטער?...

סאַלאָמאָן איז צעטומלט געוואָרן. אין זײַן טאַטנס מויל האָט דאָס געקלונגען ווי אַן אויסדרוק פון העכסטער פאַראַכטונג, ממש אַ חרפּה.

ער האָט דערפילט אַז ער מוז איצט קעמפן, אויפקלערן, נישט דערלאָזן, אַז בעלאַ זאָל באַשאָטן ווערן מיט שמוץ. פון דער צווייטער זײַט האָט אים דאָס וואָרט „קצב" טיף אויפגערודערט. דער באַגריף „קצב" איז פון יאָרן לאַנג אין טאַטנס הויז געווען דער סימבאָל פון אַל דאָס בייזס. דער טאַטע האָט יאָרן לאַנג געהאַנדלט מיט די דאָזיקע מענטשן און האָט זיי גלײַכצײַטיק פאַראַכט.

— זעלטן ווען איר טרעפט אַן ערלעכן קצב, — פלעגט ער זאָגן, אָדער:

— וואָס ווילסטו? ס'איז אַ קצב... אַ רוצח...

דער טאַטע איז קיין מאָל נישט געגאַנגען צו קיין שום קצבישער שימחה און נישט צו אַ לוויה.

— און ווייסט, סאַלאָמאָן, פון וועלכע קצבים ס'איז געווען איר טאַטע? פון די סאַמע פראָסטע, פון די געמיינסטע. איצט האָט שוין איר טאַטע נישט קיין יאַטקע, לעבט פון דעם הויז, וואָס ער פאַרמאָגט. „הויז"... אָך און ווי צו דעם הײַזל. אַ דרײַ־פיר לאָקאַטאָרן...

סאַלאָמאָן האָט גאָרנישט געענטפערט. נישט געוואָלט ווי טאָן דעם טאַטן. ס'האָט זיך אין אים געריסן צו ענטפערן: „אָבער בעלאַ, טאַטע, איז דאָך אַזאַ גוטע און אַזאַ שיינע." ער האָט זיך אָבער דערמאָנט אירע אָפּטע שפּאָטישע ווערטער, איר שאַרף

צינגל, אירע ביסטרע אויגן און עפּעס אַ ווילדן, פרעמדן ברען פון איר גאַנצן וועזן, פון איר לײַב. „ווי פון אַ שיקסע... פון אַ שאַרפן קצבישן מעסער...״

— סאָלאָמאָן — האָט דער אַלטער געצויגן ווײַטער — געדענק, דאָס איז אַ בלאָטע!...

„וואָס מוטשעט ער מיך? כ׳האָב דאָך שוין קיין כּוח נישט״. אין סאָלאָמאָנען האָט זיך אויפגעוועקט אַ באַגער צו אַנטלויפן אין דער וועלט אַרײַן. נישט זען מער די ווענט, די שטוב, טאַטע־מאַמע... וווּהין?!...

די מאַמע איז געלעגן אין צווייטן בעט און האָט זיך צוגעהערט צום גאַנצן געשפּרעך זי איז מיט אַ מאָל אַרײַן אין טאַטנס רייד:

— גענוג, אברהם, וואָס ווילסטו פון קינד? שלאָף, און לאָז זיך אַרויס די נאַרישקייט פון קאָפּ.

אַ צײַט איז אַדורך אין גאַנצן רויִק. סאָלאָמאָן האָט זיך ווידער געדרייט מיט זײַנע חברים. פּרובירט פאַרגעסן בעלאַן. אָבער ס׳האַרץ האָט אָפּטמאָל אַ צי געגעבן צו איר, ווי אַ קינדס האַנט, וואָס ציט זיך צו דער מאַמען. ערשט איצט האָט דער ענין מיט בעלאַן באַקומען אַזאַ שאַרפקייט און רייץ, וואָס ער האָט פריִער נישט געקענט. ס׳איז אים גוט געווען צו מאַטערן זיך. ער האָט אין דעם געשפּירט אַ געוויסן מאַזאָכיסטישן תּענוג. דעספּאָטישע עלטערן שאַפן אָפט בײַ קינדער מאַזאָכיסטישע נייגונגען — אַ ליבשאַפט געפּײַניקט צו ווערן.

זײַן טראַכטן וועגן בעלאַן איז ווי פאַרשלעפּערט געוואָרן, אָבער פּײַער־שפּריצן האָבן פון צײַט צו צײַט דורכגעציטערט די ווענט פון זײַן וועזן. זײַן אַמאָליקער ווידערשטאַנד צו בעלאַן איז איצט שטאַרקער געוואָרן דורך דער אַנטדעקונג פון די עלטערן, און ער האָט דאָס אָנגענומען ווי אַ באַרעכטיקונג, אַז ער מוז זיך פון איר דערווײַטערן ווײַל... אָבער זײַנע חושים זענען דאָך נישט געשלאָפן און האָבן נאָך געוואַרט אויף איר אין זײַן אונטער־באַוווּסטזײַן.

גייענדיק אין גאַס, קוקנדיק אויף אַ פילם, לייענדיק אַ ביכל, ריידנדיק מיט עמעצן, אַ פרעמד געשטאַלט, אַ בליק, אַ וואָרט, האָט אים באַלד אַריבערגעטראָגן צו איר. „בין איך פאַרכּישופט? כ'האָב דאָך דעם כּישוף אַליין אויף זיך אַרויפגעצויגן, אַליין זיך אונטערגעגעבן, געוואַרט אויף אַ פּרוי — קען איך דען נישט איצט אַראָפּוואַרפן פון זיך דעם גאַנצן צויבער?..."

סאַלאָמאָן האָט זיך אַרײַנגעוואָרפן אין דעם טאָג־טעגלעכן לעבן — געלייענט צײַטונגען, אָבסערווירט, דיסקוטירט, געשטודירט, געאַרבעט איבער זיך, געשעפּט אַ געוויסע באַפרידיקונג פון די אומרויִקע געשעענישן.

און די צײַטן זענען געווען אומרויִקע. ס'האָבן זיך געמערט אַנטיסעמיטישע אָנפאַלן אויף ייִדן. אָט האָבן ווידער פּוילישע סטודענטן אויסגעהאַקט שויבן פון דער דײַטשישער גימנאַזיע. טשעמבערליין איז געפלויגן מיט זײַן שירעם, און היטלער האָט זיך באַוואָפנט און מאַרשירט.

איין מאָל האָט סאַלאָמאָן געזען ווי די פּוילישע רײַטער־פּאָליציי יאָגט זיך צו באַלוט־צו. זייערע גראַנאַט־מונדירן האָבן געפינקלט, נאָר די פּנימער האָבן געהאַט אַ שטרענגן אויסדרוק.

— מ'האָט די באַלוטער ייִדעלעך אַ ביסל איבערגעשראָקן, — האָבן זיך איבערגעוואָרפן צווישן זיך די קריסטן מיט הנאה.

— אַ פּאָגראָם. געריסן פּערינעס, געשלאָגן... — האָבן ייִדן געגוואַלדעוועט.

— איצט קומען זיי אויסגעשטראָצלטע אויף די פערד, ווען ס'איז שוין נאָך אַלעמען.

— פּילסודסקי איז שוין נישטאָ, איז אָר און ווייי צו דער גאַנצער מלוכה.

— ווער ווייס, צי מ'וועט אויך אין שטאָט נישט מאַכן קיין חורבן...

סאַלאָמאָנען האָט דורכגענומען אַ טיפער אומרו. „מ'דאַרף גיין צו בעלאָן"...

ער האָט זיך געכאַפּט, אַז ער טאָר דאָס נישט טאָן. „אָבער

ווער שטערט אים?״ ער האָט דערשפּירט, אַז ער איז פאַרבונדן מיט איר אויף אַ געהיימען מיסטעריעזן אופן...

די טעג זענען געווען אַנגסטיקע, און ער האָט געהיילט זײַן אייגענעם כאַאָס מיט דער אויסערלעכער אָפּקומעניש.

בעלאַ האָט אים אַנגעטעלעפאָנירט. עפּעס אַ מעשה — אַן אויסגעטראַכטע — וועגן אַ פאַרלוירענעם בוך.

— פאַר וואָס זעט מען אײַך נישט?...

אין אָוונט איז ער שוין געווען בײַ איר אין צימער. גערעדט, פול געווען מיט אַן אומגעהייערער פרייד, געקושט אירע באַקן. רויטע פלעקן האָבן אויפגעבליט אויף איר צאַרטער, ווייכער הויט און ס׳האָט לאַנג געדויערט ביז זיי זענען פאַרשוווּנדן. זי האָט זיך אָפּגערוקט פון אים און האָט זיך אָוועקגעזעצט אַנטקעגן אים. אומרויִק באַוויגן מיט די פיס, פאַרוואָרפן אַ פוס אויף אַ פוס, אויסגעשטרעקט אַ פוס און אים געדרייט ווי אין אַ ריטמישן טאַנץ און דערנאָך אַראָפּגעלאָזן. ס׳האָט פון איר געשטראַלט און געשפּרודלט אַן אויסגעלײַטערטע סעקסועלע פרייד...

סאָלאָמאָן האָט זי געוואָלט אַ כאַפּ טאָן אין די אָרעמס. זי האָט דאָס דערשפּירט, האָט זי זיך אויפגעהויבן און האָט אים דערלאַנגט זײַן קאַפּעליוש, דערמאָנט, אַז ס׳איז שוין שפּעט.

„זי וויל נישט אַנדערש נאָר חתונה האָבן מיט מיר. זי איז שוין איין מאָל אויסגערעכנט״, האָט אין אים געצישעט ווי אַ שלאַנג.

„ס׳איז געווען, ווײַזט אויס, אַ געוויסער אמת אין די ווערטער פון די עלטערן. זי וויל כאַפּן אַ רײַכן מאַן״, האָט ער נאָכגעקלערט. „צי האָט זיך נישט געפילט קיין גרינגשעצונג אין זײַן אויפפירונג?״

ער האָט זיך זייער געפּײַניקט און איז אַרומגעגאַנגען ווי אַ משוגענער. ער האָט זיך באַשטעלט מיט איר צו טרעפן זיך און האָט געבעטן זײַן חבר, דעם שרײַבער, ער זאָל זי אָנקוקן פון דער ווײַטנס.

— זי דערמאָנט מער אַ פּראָפעסאָרס אַ טאָכטער, ווי אַ קצבֿיש מיידל — האָט געקלונגען זײַן חברס מיינונג.

די טעג זענען פאַר אים געלאָפן ווי אַ געמיש פון שוואַרצע

און ווײַסע קעסטעלער פון אַ שאָך־ברעטל. סאַלאָמאָן האָט אין פאַנטאַזיע געהאַלטן אין איין שפּילן מיט די אומזעיִקע פּיאָנקעס, פּרובירט אָננעמען פיגורן מיט דער האַנט נאָר דאָס שאַכברעט איז אים אַנטלאָפן פון אונטער די פינגער.

זײַענדיק זעלבשטענדיק, וואָלט ער אפשר געקאָנט זיכערער און שנעלער האַנדלען. אפשר וואָלט ער בכלל נישט געוואָלט האַנדלען... ס׳איז אין אים געווען אַ געוויסע אַטראָפיע פון ווילן, און דערבײַ — אַ ביטערער און זיסער תענוג, און אַן אויסערגעווײנלעכער, אינערלעכער כּעס און אַ מין באַגער, אַז די גאַנצע וועלט צוזאַמען מיט אים זאָל אונטערגיין וואָס שנעלער...

ווי דורך אַ נעפּל האָט ער געדענקט, אַז ער האָט זיך, נישט בײַ איינעם, נאָכגעפרעגט אויף אַ פּאָסטן, און נישט איינער האָט אים געלאַכט אין פּנים אַרײַן און זיך געוויצלט אויף זײַן חשבון.

פון מאָל צו מאָל פלעגט ער זיך טרעפן מיט בעלאַן. אָבער זייערע באַגעגענישן זענען פול געוואָרן מיט בייזקייט און מיט בײַסיקע באַמערקונגען פון איר זײַט.

איין מאָל האָט זי אַפילו געמאַכט אַן אָנצוהערעניש, אַז זי וועט באַגיין זעלבסטמאָרד.

און אין דער היים האָבן די שכנים נישט גערוט.

כּדי אויסצומײַדן אַ גיהנום אין שטוב, פלעגט סאַלאָמאָן גיין זען זיך מיט מיידלעך. פון איין זײַט האָט ער געפילט אַז דאָס גערײדערײַ אין דער היים קען אים דערפירן צו משוגעת. פון דער צווייטער זײַט האָט ער געוואָלט פאַרגעסן בעלאַן. ער איז געווען שוואַך און האָט געהאַסט זײַן אייגענע שוואַכקייט. ער איז נישט געווען אין שטאַנד צו נעמען די צוקונפט אין זײַנע הענט.

ער אַליין האָט געקוקט אויף די זעונגען מיט די מיידלעך, וועלכע מ׳האָט אים געשדכנט, ווי אויף אַ געפאַלנקייט. ער איז געווען אַ געפאַלענער. די אומשטאַנדן, די עלטערן, די צײַט און דער מאַנגל אין געלט האָבן געטראָטן אומברחמנותדיק איבער דעם ווען, וואָס זײַן נאָמען איז געווען — סאַלאָמאָן זילבער.

אפשר האָט ער געדאַרפט אַנטלויפן פון זײַן היים? אָבער מיט וועמעס געלט?... און אפשר האָט ער געדאַרפט קעמפן מיט די עלטערן פאַרעקשנט און דערקלערן — איך וויל בעלאָן! גיט מיר געלט אײַנצואָרדענען זיך. איז אָבער אַ פראַגע — צי האָט ער זי פּאַקטיש געוואָלט?... זענען זײַנע עלטערן נישט געווען גערעכט?.. ווי אַלע כאַראַקטערלאָזע נאַטורן האָט ער זיך געטשעפּעט מיט די נעגל אין אויסערלעכע פאַקטאָרן, וועלכע האָבן כלומרשט גורם געווען זײַנע דורכפאַלן.

איין מאָל, ווען סאַלאָמאָן איז געווען איינער אַליין אין שטוב, האָט ער באַמערקט, אַז די טיר פון דער גרויסער שוואַרצער אייזערנער קאַסע איז האַלב אָפן. דער טאַטע האָט זי פאַרגעסן צו פאַרשליסן. ס'האָט אים אַ ברי געטאָן אַ באַגער אַרויסצוכאַפּן אַ פּעקל באַנקנאָטן און אַנטלויפן. ער איז צוגעגאַנגען צו דער קאַסע, געשטאַנען אַ ווײַלע און האָט געעפנט די טיר. געקוקט אויף די פּעקלעך געלט. געראַנגלט זיך מיט זיך... אַן אינעווייניקסטער קול האָט צו אים געפּליסטערט: „נעם. דאָס איז די פרײַהייט". דערצידערט, האָט ער פאַרהאַקט די טיר מיט אַ האַסטיקן שטויס „כ'קען נישט בעלאָן, כ'קען נישט..." האָט אין אים זיך צעשרִיען אַ צווייט קול.



די טעג האָבן געטריפט ווי שמוציק־רויטע טראָפּנס בלוט פון אַן אײַטערדיקע ווונד. סאַלאָמאָנס בלוט, און אפשר די ווונד פון דער וועלט. ס'איז געווען דער אָנהייב פון 1939 יאָר. דער אַלטער זילבערער האָט געהאַט גענוג זאָרג נישט בלויז פון זײַן זון. זײַן געשעפט איז געגאַנגען באַרג־אַראָפּ. ער האָט געהאַט אַ דעפיציט פון צוואַנציק טויזנט זלאָטעס. ער איז נישט געווינט געווען צו זײַן שולדיק געלט. האָט ער פאַרמשכּנט דאָס הויז און האָט געבאָרגט אין אַ פאַרזיכערונג־געזעלשאַפט. זײַן מוט האָט זיך פאַרבראָכן.

— דער נאַר וויל אַלץ נישט חתונה האָבן. אויף וואָס וואַרט ער?

דאָס געשריי האָט זיך געטראָגן פון דעם אַלטן זילבערס שלאָפצימער, ווען סאַלאָמאָן איז, ווי געוויינלעך, געקומען שפּעט אַהיים. סאַלאָמאָן האָט נישט אָנגעצונדן קיין ליכט אין זײַן צימער. ער איז געזעסן און געטראַכט וועגן זיך, וועגן די אַרבעטסלאָזע חברים. די וועלט איז געווען קליין און ענג. ער האָט אַ קאָפּ געטאָן ס׳בענקל וואָס איז געשטאַנען לעבן אים. איין מאָל און נאָך אַ מאָל אַ האַק געטאָן מיט די פויסטן אין טיש.

אויפן הילך איז אָנגעלאָפן די מוטער.

— וואָס איז, סאַלאָמאָן?

די מוטער איז אַרײַן אַ דערשראָקענע און האָט אָנגעצונדן דאָס ליכט.

— גאָרניש, מאַמע...

דער אַלטער איז קראַנק געוואָרן. באַקומען שטאַרקע היץ. דער פאַמיליע־דאָקטאָר האָט אויסגעפונען אַ פאַרקילונג. סאַלאָמאָן איז געזעסן בײַם טאַטן. געגעבן אים מעדיצין צו דער צײַט. די פאַרקילונג איז אַריבער אין אַ לונגען־אָנצינדונג. דער קראַנקער האָט געפיבערט. די דאָקטוירים האָבן געהאַלטן אין איין קומען. די שטוב איז פול געווען מיט ריחות פון קאַמפאָר. סאַלאָמאָן איז געזעסן בײַם טאַטנס בעט. געזעסן און געטרוימט וועגן בעלאַן. דאָס כאָרכלען פון קראַנקן, די שאַרפע ריחות פון די מעדיקאַמענטן האָבן זיך געוויקלט מיט בילדער פון בעלאַן. ער האָט זי געהאַלטן אין די אָרעמס, געקושט און געדריקט צו זיך. „ווי לאַנג האָט ער זי נישט געזען? ווי לאַנג?...״

דער קראַנקער פלעגט זיך וועקן — בעטן אַ טרונק. סאַלאָמאָן פלעגט אים באַלד צוטראָגן אַ ביסל וואַסער און דער חולה פלעגט ווידער אײַנשלאָפן.

סאַלאָמאָן איז ווידער אַרײַן אין טראַנס פון די חלומות. ער האָט גערופן בעלאַן מיט די צאַרטסטע ווערטער, מיט פלאַמענדיקע אָרעמס זיך געצויגן צו איר, באַהאַפטן זיך מיט איר צענדליקער מאָל. „ווי זיס, ווי גוט ס׳איז אים אײַנצוטוליען זיך אין אירע אָרעמס! לעבן, ווי וווּנדערבאַר, ווי טײַער דו ביסט!״

די אויגן האָבן זיך אים געקלעפּט. די ווענט פון צימער האָבן זיך געהילט אין חושך. פאַרוויגט פון דעם מאָנאָטאָנעם כראָפּען פון חולה, האָבן זיך צו אים דערנענטערט און געגלעט ווייכע, סאַמעטענע הענט... ס׳איז געווען מוראדיקער פאַרגעניגן צו באַפרייען די געפּענטעטע פאַנטאַזיע און זען געגאַרטע בילדער.

„צי איז דאָס נישט קיין זינד, דאָ ביים בעט פון זיין מסוכּנדיק קראַנקן טאַטן, צו זען און חלומען פונעם מיידל, וועמען זיין טאַטע האָט געהאַסט?" און אַן אומבאַשטימטער פּחד האָט אים צוגעפליסטערט, אַז ער ברענגט מיט דעם אַ שאָדן זיין אייגענעם טאַטן... אָבער אין חושך פון צימער האָבן זיך אין אים געצונדן פיַיער־ריטלעך פון באַגער, אויסגעהעלט בעלאָס שמייכלען, איר לייב און איר גאַנץ וועזן.

דער זיבעציק־יאָריקער זילבער האָט זיך געראַנגלט מיטן טויט. זיינע קינדער זענען געווען טאָג און נאַכט ביי זיין בעט. דער שטאַרקער קערפּער פון אַלטן מאַן האָט זיך נישט געוואָלט אונטערגעבן. אַלע מאָל האָט זיך דער חולה געכאַפּט פאַר דער ברוסט און גערופן אין ווילדער פּיין: ס׳ברענט... ס׳ברענט...

די הענט פלעגן אים אָפּשטאַרבן. מ׳האָט זיי אַריינגעשטעקט אין וואַרעם וואַסער. דאָס לייב איז אים שוין צעשטאָכן געווען פון איינשפּריצונגען.

דער טויט האָט מיט אַ מאָדנער פרייד באַדעקט זיין פּנים. סאַלאָמאָן האָט נאָך קיין מאָל נישט געזען זיין טאַטן אַזוי שמייכלען. נאָך דער גרויסער לוויה, נאָך שבעה, זענען אין גרויסן הויז פאַרבליבן נאָר די מאַמע מיטן זון.

— כ׳וואָלט כאָטש געוואָלט דערלעבן דיין חתונה...

די מאַמע האָט זיך געווישט די אויגן.

איין מאָל, אַרויסגייענדיק אין גאַס, האָט זיך סאַלאָמאָן אָנגעשטויסן אויף בעלאַן. זיי האָבן זיך שטומערהייט באַגריסט. זיי זענען געגאַנגען איינער לעבן אַנדערן און כמעט נישט גערעדט. עפּעס האָט זיי נאָך שטאַרקער צונויפגעבונדן. איז עס געווען דער טויט פון זיין טאַטן ?...

עפּעס האָט זיי דערווײַטערט איינעם פון אַנדערן און גלײַכצײַטיק באַהויכט מיט אַ נישט ערדישן פאַרהוילענעם כּוח...

זי האָט אַנגעקוקט דעם פּעלץ, וועלכן ער האָט געטראָגן, דעם פוטערנעם קאָלנער.

— אַ ווידרע — האָט ער געזאָגט — איבערגעאַרבעט פון טאַטנס פּעלץ. זי האָט זיך האַסטיק אָפּגעשטעלט און זיך געזעגנט. ער איז אַוועק אַ צעווייטיקטער.

איצט פלעגט ער שוין נישט קומען אַהיים שפּעט, נישט געוואָלט איבערלאָזן די מאַמע אַליין. ער האָט זיך לאַנג געראַנגלט מיט זיך. נישט געוואָלט גיין צו בעלאַן.

איין מאָל האָט ער זיך נישט געקענט באַהערשן, האָט ער אַ יאָג געטאָן אויף דער גאַס וווּ זי וווינט. זי האָט אים אויפגענומען מיט אַ שמייכל. עפּעס אַן ענדערונג איז געשען אין איר.

זיי האָבן גערעדט, אין אַ געוויסן מאָמענט האָט ער איר געוואָלט אַ קוש טאָן, אָבער ער איז נישט געווען אין שטאַנד אָנצובייגן זיך. „וואָס איז מיר געשען?..״

צווישן זיי זענען געשטאַנען די געשעענישן פון די לעצטע טעג. געשעענישן, וואָס האָבן איבערגעדרייט קאָפּויער דעם פון דורות אײַנגעשטעלטן סדר: היטלערס רויבפייגל האָבן זיך געלאָזן אויף דער פּוילישער ערד. עראָפּלאַנען האָבן באָמבאַרדירט שטעט און דערפער. די דײַטשן זענען אַרײַן אין לאָדזש.

די גאַסן זענען באַדעקט געווען מיט שניי. צענדליקער שליטנס און פורן האָבן זיך געצויגן צום אָרט, וווּ ס'האָט געזאָלט זײַן די געטאָ. ייִדן, אַלטע און יונגע, מיט רוקזעק, רענצלעך און טלומיקעס האָבן זיך געצויגן אין אַ ייִאושדיקן טראַנס צו באַלוט. סאַלאָמאָנס מאַמע האָט אויסגעפונען דאָרטן אַ צימער אויף מאַרישינער גאַס, און ער האָט ביסלעכווײַז אַריבערגעפירט אַהין אויף פורן און שליטנס און געטראָגן אויף זיך פּעקלעך פון דער אַלטער היים. מיטן לעצטן רוקזאַק אויף די פּלייצעס איז ער געגאַנגען צווישן די יאָגנדיקע ייִדן. די גוואַלדן פון דער דײַטשער פּאָליציי האָבן פאַרהילכט די לופט:

— שנעלער ! שנעלער ! !...

אַ פאַרצווייפלטער האָט ער געשפּירט ווי ס'וואַקסט אין אים אַ פרייד, עפּעס אַ מאָדנע סאַטיספאַקציע — פּטור געוואָרן פונעם הויז און פונעם געלט...

אין דעם מאָמענט האָט ער דערזען בעלאַן. זי איז געגאַנגען נישט ווײַט פון אים — אַ רוקזאַק אויף די שמאָלע פּלייצעס. געגאַנגען זיכער, שטאַרקער ווי פריִער. זי איז מיט אַ שמייכל צוגעגאַנגען צו אים און האָט אָוועקגעשפּאַנט מיט אים ווײַטער אָרעם בײַ אָרעם.

ער האָט זי גענומען אונטערן אָרעם. ביידן האָט דורכגעציטערט אַן אומגעהייערע פרייד. מיט צונויפגעפּלאָכטענע הענט זענען זיי מוטיק אַרײַן אין געטאָ.

# די ווילע אויפן באַרג

די ווײַסע ווילע, הויך אויפן באַרג, האָט צוגעצויגן מײַן אויפמערק, ווען כ׳בין אַרויס אויף אַ פרימאָרגן־שפּאַציר אין די קעטסקיל־בערג.

די ווילע האָט אויסגעזען פון ווײַטן ווי אַ גרויסער ווײַסער פויגל, וואָס צעשפּרייט זײַנע פליגל צו פליִען איבער די שוואַרצע פעלדזן.

מײַנע פרײַנד אין דער באַנגאַלאָ־קאָלאָניע האָבן אַ שמייכל געטאָן ווען כ׳האָב געפרעגט וועגן אייגנטימער פון דעם בנין אויפן באַרג:

— דער בעל־הבית, יוסף יעלין, איז אַ טשודאַק, אַ רײַכער, אַלטער קאַוואַליר.

דורך אַ צופאַל האָב איך זיך באַקענט מיט אים אַ פּאָר וואָכן שפּעטער, ווען חברה האָט מיך פאַרשלעפּט אויף אַ פאַרווײַלונג אין גרויסן האָטעל. מיר זענען ביידע געווען אין אַ געזעלשאַפט ווו אַלע, אַחוץ אונדז, האָבן געטרונקען וויסקי, געטאַנצט און געהוליעט.

מיר האָבן זיך צערעדט און אויסגעפונען אַז מיר האָבן שותּפותדיקע פרײַנד.

אַ פּאָר טעג שפּעטער איז ער געקומען צו מיר מיט זײַן אויטאָ און גענומען מיך צו זיך אין ווילע. מיר זענען געזעסן אויף דער גרויסער טעראַסע, וואָס האָט זיך געטונקען אין פילפאַרביקע בלומען. צופוסנס האָבן זיך געשפּרייט געלדזיקע וועגן, אויפן ווײַטן האָריזאָנט האָבן זיך געצויגן בלויע בערג.

ס׳האָט מיך אַדורכגענומען די אַרומיקע שטילקייט. כ׳ווייס נישט ווי לאַנג איך בין געזעסן ניט אַרויסריידנדיק קיין וואָרט.

מײַן גאַסטגעבער האָט מיך געבעטן נעמען אַ פרוכט פון דער זילבערנער וואָזע אויפן טיש.

— איר ווונדערט זיך אַוודאי — האָט ער אַ זאָג געטאָן — פאַר וואָס כ׳האָב מיך פאַרקליבן אין אַזאַ העק. ס׳איז אַ לאַנגע געשיכטע...

ער האָט מיך אַ ווײַלע אָנגעקוקט, ווי ער וואָלט וועלן זיך איבערצײַגן צי מען קען זיך מיר פאַרטרויען און איבערגעחזרט:

— יאָ, אַ לאַנגע געשיכטע.

ר׳האָט צוגעמאַכט די אויגן, ווי ער וואָלט זיך וועלן אין עפּעס דערמאָנען, שפּעטער מיך אָנגעקוקט מיט אַ נישט־דאָיִקן בליק:

— איז נישט בעסער אַלץ צו פאַרגעסן? — האָט ער אַ מאַך געטאָן מיט דער האַנט — זעט וואָס פון מיר איז געוואָרן: כ׳לעב דאָ ווי אַ מאָנאַך, כ׳האָב נאָר איין באַדינער וואָס איז אויך אַ גערטנער, איך עס אין די האָטעלן. צוליב וואָס דאָס אַלץ?

אויף זײַן אָפּגעברוינט פּנים האָט זיך באַוויזן אַן אויסדרוק פון יִאוש. יעלין האָט זיך צוגערוקט צו מיר און אָנגעהויבן דערציילן:

— זי האָט געהאַט מילדע, בלויע אויגן און איידל אויס־געשניטענע ליפּן. זי איז געווען אַ געמיש פון אַ קינד און אַ צאַרטער מוטער. זי האָט ליב געהאַט אײַנטוליען איר פּנים אין פוטערנעם קאָלנער פון איר מאַנטל און קוקן דיר אין פּנים אַהײַן ווי אַ פאַרוויגט קינד.

ער האָט איבערגעריסן און זיך פאַרטראַכט:

— זי האָט געהייסן עווא. כ׳האָב זיך באַקענט מיט איר דורך אַ סטודענטין, סאָניע, ווען כ׳האָב שטודירט אין וואַרשע. מיט סאָניען האָב איך פאַרבראַכט גאַנצע אָוונטן אין דיסקוסיעס. זי איז געווען גוט באַהאַוונט אין סאָציאַלע און פּאָליטישע פּראָבלעמען און האָט געוואַרט אויף דער רעוואָלוציע. זי האָט שטודירט ביאָלאָגיע, געלעבט אין דוחק, געהאָפט נאָכן ענדיקן צו קריגן אַרבעט אין אַ לאַבאָראַטאָריע. סאָניע האָט געאַרבעט ווי אַ סעקרעטאַרין בײַ אַ פּראָפעסאָר פאַר אַ נישטיקן געהאַלט, געגעסן אין דער „שטשעכאַ אַקאַדעמיצקא״ מאָגערע זופּן און אַליין איבערגעניצעוועט אירע קליידער.

מיר פלעגן גיין אין טעאַטער, אין „קווי־פּראָ־קוואָ". קיין געלט האָט מיר נישט געפעלט, מײַן טאַטע איז געווען אַ רײַכער סוחר.

אין איינעם אַן אָוונט האָב איך זי געטראָפן אין איר צימער וואָס זי האָט געטיילט מיט אַ צווייטער סטודענטקע. סאָניע איז געלעגן אויף דער קאָזעטקע, אָנגעטאָן אין אַ גלאַנציק, דעקאָלטירט קלייד. אירע האַלב־אָפּגעדעקטע בריסטן האָבן זיך געוויגלט אין דעם טיפן אויסשניט פון טונקעלן, בלישטשענדיקן קלייד. זי האָט מיך געבעטן זיך זעצן לעבן איר: — איך בין ערשט געקומען פון אַ תּנאָים בײַ מײַנס אַ פרײַנדין — האָט זי געשמייכלט — אַ יונג פּאָרל. זי האָט אויסגעשטרעקט איר האַנט צו מיר, מײַן האַרץ האָט אָנגעהויבן האַסטיק קלאַפּן. ס׳האָט מיך באַגאָסן אַ שווייס. כ׳האָב אַרויסגעמורמלט עטלעכע ווערטער און אַרײַן אין קיך נאָך אַ גלאָז וואַסער. ווען כ׳האָב זיך אומגעקערט אין צימער האָב איך זי נישט געפונען.

סאָניע האָט מיך באַקענט מיט עוואַן מיט אַ האַלב יאָר שפּעטער. דאָס איז געווען דער צווייטער סעמעסטער פון מײַן שטודירן אויפן וואַרשעווער אוניווערסיטעט. מיר זענען אַרויס פון „נאַראָדאָווי"־טעאַטער און סאָניע האָט אַ זאָג געטאָן צו מיר: — קומט אַרויף מאָרגן אין אָוונט אויף אָגראָדאָווע דרײַ. איך ווין דאָרטן צוזאַמען מיט צוויי מיידלעך, אָבער פאַרליבט זיך נישט אין זיי — האָט זי צוגעגעבן מיט אַ שמייכל.

כ׳האָב געלאַכט. כ׳בין געוואָרן דערצויגן אין אַ שטוב ווו מ׳האָט שטאַרק געטאַדלט יונגע־לײַט וואָס שלעפּן זיך אַרום מיט מיידלעך. קומענדיק אין וואַרשע בין איך געוואָרן איבערראַשט פון אַזוי פיל חנעוודיקע פרויען־געשטאַלטן. ס׳האָבן אין מיר געקעמפט אַ שטאַרקער באַגער און עפּעס אַ מורא פאַרן ווײַבלעכן מין. די יונגטלעכע פרייד פון לעבן האָט מיך פאַרשיכורט אָבער דער אינסטינקט האָט מיך געוואָרנט פאַר דער סכּנה אַרונטערצופאַלן אונטער דער השפּעה פון אַ פרוי.

יעלין האָט זיך פאַרהאַלטן אַ ווײַלע און דערנאָך ווײַטער דערציילט:

— אַ פּוכיקער שניי האָט געשאָטן יענעם אָוונט ווען כ׳האָב געאײַלט צו סאָניען. כ׳האָב אָנגעקלונגען אין טיר, מײַן האַרץ האָט אַ צאַפּל געטאָן. סאָניע איז מיר אַנטקעגן געקומען מיט אַ ברוך־הבא: — ס׳גייט דער בורזשוי אין פּעלצל! און אָט בין איך שוין געשטאַנען צווישן דרײַ מיידלעך. זינע איז געווען פון וואָלין, זי האָט שטודירט סאָציאָלאָגיע. מיט אַ געלעכטערל אין די שטיפערישע אויגן האָט זי אַ נייג געטאָן איר קאָפּ, ווען כ׳האָב זיך פאָרגעשטעלט. עווא האָט מיר דערלאַנגט די האַנט, כ׳האָב זי אָנגעקוקט, דערזען אירע בלויע אויגן, די שוואַרצע כוואַליע האָר און אַ שמייכל וואָס האָט אַנטבלויזט אירע שנייווײַסע ציין. זי איז געווען הויך און שלאַנק.

דעם אָוונט האָב איך גערעדט זייער אַ סך און געווען זייער האָפערדיק. ווען כ׳בין אַרויס אויף דער גאַס שפּעט בײַ נאַכט, האָב איך זיך דערפילט ווי אין אַ טומאַן. די נאַכט האָב איך נישט געקענט אײַנשלאָפן. דער אָפּשײַן פון דרויסנדיקן שניי איז געפאַלן אויפן סופיט, באַגאָסן די שטוב מיט זילבערליכט. בײַ דער צווייטער וואַנט, אויף אַ שמאָל בעטל האָט געכראָפּעט מײַן קאָלעגע בעניעק. ס׳האָט זיך מיר פלוצעם פאַרוואָלט אויפוועקן אים און אָנזאָגן אַ וויכטיקע נײַס. כ׳האָב אים אַ שטורקע געטאָן אָבער ער האָט ווײַטער געכראָפּעט.

יעלין האָט אַ קוק געטאָן אויף מיר, ווי ער וואָלט מיך ערשט דערזען. כ׳האָב זיך דערפילט איבעריק און זיך אַ הייב געטאָן פון פאָטעל. ער האָט מיך פאַרהאַלטן מיט אַ האַנט־באַוועגונג:

— זיצט. הערט מיך אויס ביזן סוף. אַ פּאָר טעג שפּעטער האָב איך מיטגענומען בעניעקן צו די מיידלעך. מיר זענען אַרײַנגעפאַלן מיט אַ געפילדער פונעם פראָסטיקן דרויסן אין דער וואַרעמער שטוב. כ׳האָב אויסגעטאָן אין דער קיך מײַן פּעלצל, די קאַלאָשן, אָװעקגעשטעלט דעם שירעם. — ווי איך זע, האָט איר זיך באַזאָרגט מיט אַלע כלים — האָט זיך געוויצלט עווא.

זי האָט איצט אויסגעזען נאָך שענער ווי פריִער. איר נאַטירלעכע

עלעגאַנץ, דער ווייכער טעמבער פון איר שטים, איר שלאַנקער, ריַיפער קערפּער האָבן מיך פאַרכּישופט.

מיר האָבן געשמועסט, זיך געוויצלט, געזונגען.

— איר ווייסט — האָט סאָניע געזאָגט — עווא זוכט אַ פּאַרטנער וואָס זאָל זיַין אַזוי הויך ווי זי און דאָס איז שווער צו געפינען. עווא האָט זיך פאַררייטלט, מיר האָבן געלאַכט. אירע אויגן זענען געוואָרן טונקל־בלוי, נאָך אַ וויַילע האָבן זיי אויפגעלויכטן, זיך פאַרצויגן מיט אַ דינעם נעפּל. עווא האָט געשוויגן אַ פאַרבענקטע.

— וואָס האָט איר זיך פאַרטראַכט? — האָט סאָניע מיר געגעבן אַ שטויס מיטן עלנבויגן. — כ׳טראַכט אַז דער מענטש בענקט דאָס גאַנצע לעבן. איז דאָס די איינציקע רעאַליטעט פון מענטשלעכן לעבן און דאָס אַנדערע איז נאָר אַ פאַטאַ־מאָרגאַנאַ? עוואַס בלויע אויגן האָבן ווי אַ ציטער געטאָן, אירע צאַרטע, רייטלעכע ליפּן האָבן זיך געעפנט.

מיר האָבן זיך אָפּגערעדט צו טרעפן מיט די קאָלעזשאַנקעס צו מאָרגנס, אין סאַסקי־גאָרטן. בעניעק האָט אָנגעשטעלט זיַין טאַטנס אַלטן פאָטאָגראַפישן אַפּאַראַט און מיר האָבן זאַלבעפערט זיך צונויפגערוקט אויפן פינקלדיקן שניי צווישן נאַקעטע ביימער. עווא, די הענט פאַררוקט אין דער מופטע, ס׳פּנים איַינגעטוליעט אין קאָלנער פון פוטערנעם מאַנטל, האָט זיך געוואַרעמט אין דער ווינטערדיקער זון.

— צום ווידערזען! כ׳גיי אין דער ביבליאָטעק — האָט עווא נאָך אַ וויַילע אַ זאָג געטאָן. כ׳האָב אין דער מינוט געוואָלט אויסרופן: כ׳גיי מיט איַיך! — אָבער די ווערטער זענען מיר געבליבן שטעקן אין האַלדז. כ׳גיי אויך! — האָב איך דערהערט בעניעקס שטים און אַ וויַילע שפּעטער זענען זיי ביידע פאַרשוווּנדן פון מיַינע אויגן.

כ׳האָב נישט געוואָלט ווייַ טאָן סאָניען. כאָטש צווישן אונדז האָט גאָרנישט פּאַסירט, האָב איך דאָך נישט געוואָלט צעשטערן איר אילוזיע, אַז כ׳פּיל צו איר אַ טיפע סימפּאַטיע. איז עס געווען אַ תּירוץ? אפשר האָב איך געזוכט אונטער פאַרשיידענע אויסריידן

צו אַנטלויפן פון פרויען? איז דאָס געווען די השפעה פון מײַן טאַטנס מוסר־רייד? אָדער איז עס געווען אַ פינצטערע אָנונג פון מײַן צוקונפט וואָס האָט מיך געוואָרנט נישט צו ווערן באַהערשט פון עוואַן?

כ׳פלעג אַרויפקומען צו די „דרײַ מוזעס" — אַזוי האָב איך זיי אין מײַן געדאַנק גערופן — כמעט יעדן צווייטן טאָג. ווען אירע חברטעס זענען נישט געווען אין דער היים, האָט מיר סאָניע דערציילט וועגן עוואַן: — זי איז אַ נאַרישוואַטע רײַכע מויד. שטודירט אין דער קאָמערץ־הויכשול. די עלטערן ווילן זי זאָל חתונה האָבן, אָבער זי וויל נישט.

צו יענער צײַט האָט מיר זייער אימפּאָנירט הויכע בילדונג בײַ פרויען. כ׳האָב געזוכט אין דער פרוי אַ מענטש מיט וועלכן איך זאָל זיך קענען דורכשמועסן וועגן אַלע צײַטפּראָבלעמען וואָס האָבן מיך אינטערעסירט. דערפאַר בין איך געוואָרן צוגעבונדן צו סאָניען. אונטער דער השפּעה פון עוואַן האָב איך זיך געביטן, און סאָניע האָט דאָס באַמערקט. זי האָט געפילט אַז כ׳גליטש זיך אַרויס פון אירע הענט און זי האָט דאָס געמוזט שטאַרק איבערלעבן, כאָטש זי האָט דאָס נישט אַרויסגעוויזן. אין דער זעלבער צײַט האָט זיך פאַרערגערט איר פינאַנציעלע לאַגע. זי האָט פאַרלוירן איר אַרבעט און אָנגעהויבן זוכן לעקציעס.

אין איינעם אַ אָוונט האָבן מיר זיך אַרויסגעלאָזט מיט אַ שליטן אין די אויאַזדאָווער אַלעען. מיר זענען געזעסן צו צוויי אויף יעדער זײַט פון שליטן. לעבן מיר — סאָניע, אַקעגן איבער אונדז — עוואַ און זינע. דער שניי האָט געסקריפּעט אונטערן שליטן, ס׳פערד איז געלאָפן פײַל־פון־בויגן, אַזש ס׳האָט געזעצט פון אים אַ פּאַרע. בײַם געשפּאַן האָבן געקלונגען די גלעקלעך, די סאַנקע האָט געשניטן די שנייגרודעס, אָפּוואַרפנדיק פון ביידע זײַטן ווײַסן, פּוכיקן שטויב. סאָניע, אַן אײַנגעקאָרטשעטע, האָט פאַרשטעקט די הענט אין די אַרבל פון איר טוכענעם מאַנטל, עוואַ האָט געהאַלטן איר מופטע. זינע — אַן הענטשקעס האָט געלאַכט פון ביידע. מיט אַ מאָל האָט עוואַ אַ געשריי געטאָן צום בעל־עגלה: — וואַרף

אונדז אַרויס אויפֿן שניי! — סאָניע האָט פּראָטעסטירט, זינע האָט באַפֿוילן: — קער אונדז איבער! דער פֿורמאַן האָט אַ דריי געטאָן דעם שליטן, די סאַנקע האָט זיך אַ בייג געטאָן און אַלע פֿיר זענען מיר געלעגן אויף דער פּראָסטיקער ערד.

סאָניע האָט זיך באַקלאָגט, זי האָט געקראָגן אַ קלאַפּ אין זייט. זינע האָט אַרויסגעפּלאַצט מיט אַ געלעכטער, איך און עוואַ אויך.

דער שליטן האָט זיך פֿאַרהאַלטן פֿאַרן טויער, סאָניע איז געלאָפֿן אַ פֿאַרפֿרוירענע אַהיים, זינע נאָך איר. איך און עוואַ זענען פֿאַרבליבן אַ ווײַלע פֿאַרן אַרײַנגאַנג. כ׳האָב געהאַלטן איר האַנט, געפֿילט אירע לענגלעכע פֿינגער דורך דער לעדערנער הענטשקע. אין ליכט פֿון דעם עלעקטרישן לאַמטערן בײַם טויער איז איר פּנים געווען ווי אויסגעשניצט פֿון העלפֿאַנטביין.

יעלין האָט אַראָפּגעבויגן דעם קאָפּ און איז געזעסן אַ לאַנגע צײַט אָן אַ באַוועגונג. זײַן פּנים איז געווען טונקלגרוי ווי עמעץ וואָלט אים באַשאָטן מיט אַשיקן שטויב. ער האָט ווײַטער דערציילט:

— כ׳האָב זי שפּעטער געטראָפֿן אויף דער קראָקעווער־פֿאָרשטאָט, ווען כ׳בין אַרויסגעגאַנגען פֿון אוניווערסיטעט. זי האָט זיך געזעגנט אַהיים און איך האָב זי פֿאַרהאַלטן. מיר זענען אַרײַן אין קאַפֿע „אַדריאַ״. כ׳האָב אויסגעקליבן אַ טישל אין ווינקל, ווײַט פֿון רעשיקן עולם. מיר האָבן געטרונקען קאַווע און גערעדט וועגן אוניווערסיטעט, היים, חברים.

— כ׳וויל אײַך דערציילן אַ סוד — האָט זיך עוואַ צוגערוקט צו מיר מיטן שטול — סאָניע וויל זיך פֿון אונדז אַרויסציִען, זי האָט אַ פֿרײַנד...

כ׳האָב דערשפּירט די וואַרעמע נאָענטקייט פֿון איר קערפּער און ס׳איז אויפֿגעגאַנגען אין מיר אַן אומגעהײַערע סענסועלע פֿרייד. ווען כ׳האָב אויפֿגעהויבן די אויגן, איז עוואַ שוין געווען בײַם צווייטן זײַט פֿונעם טישל. די ערנסטקייט פֿון איר פּנים האָט מיך פֿאַרחידושט. זי האָט עפּעס געמוזט אַרויסלייענען פֿון מײַן געזיכט. זי האָט אויסגעמיטן מײַנע אויגן. כ׳האָב אָנגערירט איר האַנט.

— קומט! — האָט זי זיך צעשמייכלט. מיט אַ שטיפֿערישער

מינע האָט זי מיך געפירט. מיר זענען אַרײַן דורך אַ זײַטיקער טיר אין גרויסן טאַנצזאַל. ער איז געווען האַלב פינצטער, פול מיט איבערגעקערטע טישלעך, צונויפגעלייגטע בענקלעך, צונויפגעראַלטע טעפּעכער. אַן איינציק לאָמפּ האָט געפלעמלט אויף דער פּלאַט־פאָרמע. עווא האָט מיך אַ שלעפּ געטאָן און אָט זענען מיר געשטאַנען אויף דער עסטראַדע, אין דעם אומהיימלעכן, האַלב־טונקעלן רוים. זי האָט ווי באַפוילן: — לאָמיר טאַנצן! — כ׳קאָן נישט — כ׳וועל אײַך לערנען, און האָט מיך געפירט אין אַ פּאַוואָליעדיקן טאַנגאָ. אַ טיר האָט זיך געגעבן אַ פּראַל אויף: — דאָ טאַנצט מען נאָר בײַ נאַכט! מיר זענען אַרײַן צוריק אין דער קאַוויאַרנע, באַצאָלט דעם קעלנער און אַרויס אין גאַס. — כ׳וועל מיר אַ מאָל אויסבויען אַ טאַנצזאַל — האָט עווא אַ זאָג געטאָן — און כ׳וועל טאַנצן דאָרט ווען כ׳וועל וועלן. דער זאַל וועט זײַן נאָר פאַר מיר און מײַנע געסט.

ס׳זענען געקומען די ווינטער־וואַקאַציעס. כ׳בין אַוועקגעפאָרן אַהיים. כאָטש מיר זענען ביידע געווען אין דער זעלבער שטאָט, האָב איך זיך דאַך צוריקגעהאַלטן צו באַזוכן עוואַן בײַ אירע עלטערן. — ביסט שוין אַלט צוואַנציק יאָר — האָב איך זיך געמאַכט פאַרוווּרפן — און נאָך אַלץ נישט־דרייסט און שעמעוודיק. ס׳איז אויפגעגאַנגען אין מײַן זכרון מײַן ערשטער טאָג אין שול. אַ קליין יינגעלע, אין אַן אַרבע־כּנפות וואָס איז אַראָפּגעהאַנגען אויף די הייזעלעך און די קינדער האָבן פון מיר חוזק געמאַכט.

כ׳האָב זיך אומגעקערט אין וואַרשע פריִער ווי כ׳האָב געדאַרפט. די וואַקאַציעס האָבן זיך נאָך נישט געענדיקט און בעניעק איז נאָך נישט געקומען. כ׳בין געווען אַליין און געטראַכט וועגן עוואַן. מאָדנע, כ׳האָב זי געקענט זען יעדן טאָג און פאַרברענגען מיט איר אין אונדזער היימשטאָט און בין אַוועק קיין וואַרשע צו חלומען וועגן איר. אין אונדזער סטודענטן־צימער איז געווען פּראַסטיק קאַלט. אויף די שויבן האָבן געבליט ווײַסע בלומען. אין שטוב איז אַרײַן די דינסט, אַ יונגע שיקסע מיט פויערישע רויטע באַקן און גרינע אויגן. זי האָט אויף מיר קאָקעטיש אַ קוק

געטאָן: — כ׳וועל גלײַך אײַנהייצן, דעם פּאָן זאָל זײַן וואַרעם. כ׳האָב זי אָבסערווירט ווען זי איז אַרויס פון צימער. זי האָט אויסגעדרייט דעם קאָפּ און אַ שמייכל געטאָן. זי האָט זיך אומגעקערט מיט עטלעכע שפּענער, מיט אַ קאָשיקל קוילן, געעפנט דעם אויוון, אַרויסגעשאַרט דעם קאַלטן אַש, געמאַכט ס׳פײַער: — די אַלטע פּאַני איז אַוועק אין שטאָט, זי וועט קומען שפּעט אין אָוונט — האָט זי געזאָגט. די שיקסע האָט פאַרראָכטן אויף זיך דאָס צעקנייטשטע געבלימלטע קליידל, דורכגענומען מיך מיט אירע לאַשטשענדיקע אויגן: — אויב דער פּאָן וועט עפּעס דאַרפן...

ס׳האָט אויף מיר אַ שלאָג געטאָן איר צערייצטע היץ. כ׳בין צוגעפאַלן צו איר... כ׳האָב זיך אויפגעהויבן פון געלעגער אַ דערשלאָגענע, צעקנאָדערטע בריאה. ס׳האָט זיך מיר אויסגעדאַכט אַז כ׳בין באַשאָטן מיט קרעץ. מײַן הויט האָט געברענט ווי פײַער. די דינסט, אַ האַלב נאַקעטע, האָט געקוקט אויף מיר מיט אַ שעלמישן שמייכל.

די טעג און וואָכן וואָס זענען געקומען שפּעטער זענען געווען איין גרויסער בראָך. כ׳האָב אָנגעהויבן לײַדן אויף פאַרשיידענע קרענק: מײַן הויט האָט אָפּט געברענט ווי כ׳וואָלט זיך אָפּגעבריט; כ׳האָב צו מאָל באַקומען ווייטיקן אין פאַרשיידענע טיילן פון קערפּער, געליטן פון קורצן אָטעם, פון האַסטיקן האַרצקלאַפּ. כ׳האָב זיך נישט געקאָנט קאָנצענטרירן בײַם לייענען, בײַם שרײַבן איז מיך באַפאַלן אַ מורא אַז איין זאַץ קלעפּט זיך נישט צום צווייטן. כ׳האָב פאַרוואָרלאָזט מײַן שטודיום, מײַנע חברים האָבן דאָס באַמערקט און געהאַלטן אין איין פרעגן מיך וואָס איז די סיבה. כ׳האָב פאַרשאָלטן דעם טאָג, וואָס כ׳בין געקומען פריִער אין וואַרשע. ווען כ׳קום נאָך די וואַקאַציעס — האָב איך צו זיך גערעדט — וואָלט נישט געשען, וואָס ס׳איז געשען, ס׳וואָלט פון מיר נישט אַרויסגעשפּרונגען די חיה — —

כ׳בין געזעסן אין דער אוניווערסיטעט־ביבליאָטעק און געלייענט אַ בוך וועגן סאָקראַטעס. כ׳האָב געדאַרפט צוגרייטן אַ סעמינאַר־אַרבעט וועגן דער גריכישער פילאָסאָפיע. ס׳איז מיר שווער געווען

נאָכצוגיין דעם געדאַנקען־גאַנג פון מחבר. ס׳האָט מיר דערקוטשעט אַ ווייטיק אין ברוסטקאַסטן און לייענענדיק האָב איך געפילט אַז ס׳ווערט מיר נישט גוט. כ׳בין אַרויס פון ביבליאָטעק און אָנגעהויבן גיין אין דער ריכטונג פון הויפּט־בנין פון אוניווערסיטעט. ס׳זענען מיר אַנטקעגנגעלאָפן אַ כאָפּטע פּוילישע סטודענטן אין פאַרביקע קאָרפּאָראַנטן־היטעלער מיט שטעקנס אין די הענט. כ׳בין געבליבן שטיין, אָבער זיי האָבן מיך שוין דערזען. נאָך אַ ווײַלע בין איך שוין געווען אַרומגערינגלט מיט צעהיצטע פּנימער, צערעוועטע מײַלער, פאַרקוועטשטע פויסטן. שטעקנס האָבן זיך געהויבן איבער מײַן קאָפּ. אַ דיקער כוליגאַן האָט מיך אָנגעכאַפּט בײַם רעקל, כ׳האָב אים געגעבן אַ שלײַדער צוריק, מען האָט מיר אויסגעדרייט די אָרעמס הינטער דער פּלייצע.

— אַ טויט דעם זשיד! — אַראָפּ די ברילן!

כ׳בין אַרויס פון טויער אַ צעבלוטיקטער. בײַם אַרײַנגאַנג איז רויִק געשטאַנען אויף דער וואַך אַ פּאָליציאַנט.

ערשט איצט האָב איך דערזען דעם אמתן פּרצוף פון מײַנע פּוילישע „קאָלעגן״. כ׳האָב דערפילט דעם גלײַכגילט פון די פּראָפעסאָרן, זייער באַהאַלטענע שינאה און געפרעגט זיך אַליין: איז דען מײַן טאַטע נישט געווען גערעכט ווען ער האָט מיך געוואָלט שיקן קיין אויסלאַנד שטודירן מעדיצין? כ׳האָב מײַנע עלטערן נאָך נישט געוואָלט אָנזאָגן די בשׂורה, אַז מײַן אַקאַדעמיש יאָר איז פאַרלוירן. כ׳האָב זיי נאָר פאַרטרויט אַז כ׳בין נישט מיט אַלעמען. מ׳האָט מיך געשלעפּט צו דאָקטוירים. די אַנאַליזן און דורכלויכטונגען האָבן גאָרנישט געוויזן.

כ׳האָב זיך אומגעקערט אין וואַרשע מיטן באַשלוס צו ווערן זעלבשטענדיק, נישט נעמען מער קיין געלט בײַם טאַטן.

אַ סטודענט, מײַנער אַ באַקאַנטער, האָט מיר געגעבן אַן אַדרעס פון אַ רעליגיעזער שול אויף גענשע, ווו מ׳זוכט אַ לערער פון פּויליש. כ׳בין אַרײַנגעפאַלן אין אַ שטוב פול מיט טומלדיקע קינדער, צונויפגעדרענגטע בענק. דער „קעראָווניק״, אַ פאַרשוויצטער עלטערער ייִד, מיט אַ פאַרדרייטן דאַשיק פון היטל איז געלאָפן

פון איין עק שטוב צום צווייטן, נישט געקאָנט זיך אַן עצה געבן מיט די תּלמידים. די קינדער וואָס האָבן געליאַרעמט און די שטיקנדיקע לופט פון צימער האָבן מיך אַרויסגעיאָגט.

כ׳האָב געלייענט די אַנאָנסן וועגן אַרבעט אין צײַטונגען. מ׳האָט געזוכט אַגענטן פאַר אַ נײַער װוּנדערלעכער רפואה, גוט פאַר פאַרשיידענע קרענק. מ׳האָט צוגעזאָגט די פאַרקויפערס אַ גוטן חודשלעכן געהאַלט און נאָך אַ באַזונדערע באַלוינונג. מיט אַ פײַן פאַרפּאַקטער גרויסער פלאַש אונטערן אָרעם האָב איך געעפנט די ערשטע טיר פון אַ שטוב אויף מוראַנאָוו. אין מײַן פּנים האָט אַ זעץ געטאָן דער ריח פון קליי, פון לעדער און אַ טוכלעקייט פון ווענט. בײַ אַ לאַנגן טיש זענען געזעסן אַ צענדליק אויסגעבלייכטע קינדער, געניײַט, געקלעפּט בײַטלען. אויפן טיש, אויפן דיל, אויף די נישט-פאַרבעטע בעטן האָבן זיך געוואַלגערט קליי, פּאַפּיר, טעקטור, שטיקלעך לעדער, שלעסלעך און טשוועקעס. דער „פאַבריקאַנט״, אַן אויסגעדאַרטער ייִד, מיט רויטלעכע פלעקן אויפן אײַנגעפאַלענעם פּנים, האָט אויפגעהויבן אויף מיר אַ פּאָר אויסגעלאָשענע אויגן. ער האָט אויסגעהערט די שבחים וועגן דער נײַער רפואה און נישט געענטפערט קיין וואָרט. פון דער קיך איז אַרויס זײַן פּלוניתטע, אָפּגעווישט זיך די הענט אין אויסגעדריוולטן פאַרטעך און אַ הילך געטאָן.

— אפשר, ר׳ ייִד, קענט איר אונדז באָרגן עטלעכע זלאָטעס אויף דירה-געלט? און אפשר ווייסט איר גאָר ווו מען נעמט געלט אויסצוהיילן מײַן מאַן פון סוכאָטע?

כ׳בין אַרויס ווי אַן אָפּגעבריטער, געלאָפן דורך דער גאַס ווי עמעץ וואָלט מיך נאָכגעיאָגט.

אַ קינד פון אַ רײַכן טאַטן, האָב איך מיט אַ מאָל דערזען די אָרעמקייט פון דעם אַרום. גלײַכצײַטיק האָט זיך מיר אַנטפּלעקט, ווי אין שײַן פון אַ בליץ, מײַן אייגענע פּוסטקייט. כ׳בין ביז איצט געווען פאַרנומען נאָר מיט זיך, מיט מײַן אייגענער פּערזאָן.

אונטער מײַנע פיס האָט געטײַעט דער שניי. ריטשקעלעך

וואַסער זענען געפלאָסן לענג־אויס די טראָטואַרן. ס׳איז שוין געווען סוף מאַרץ. ווו איז אַוועק די צײַט ? כ׳האָב קיין מאָל נישט געפילט אַז זי אַנטרינט. זי איז געווען אַ טייל פון מיר און איצט האָט זי זיך אָפּגעריסן און לויפט אַוועק.

וואָס איז געשען מיט עוואַן ? איז זי אויך אַנטרונען ? כ׳האָב געכאַפּט אַ דראָזשקע און געהייסן זיך פירן אויף אַגראָדאָווע. עווא האָט מיר געעפנט די טיר. אירע אויגן האָבן אויפגעשטראַלט. איר שנעלער אָטעם, אירע פאַררייטלטע באַקן האָבן פאַרראַטן די פרייד וואָס זי האָט זיך באַמיט צו באַהערשן. זי האָט זיך אַוועקגעזעצט אַנטקעגן מיר און מיך באַטראַכט ווי אַ מוטער — אַ זון, וואָס קומט צוריק פון אַ ווײַטער נסיעה. מיט אַ פריידיקן ציטער האָב איך אַרײַנגעזאַפּט איר פּנים אין זיך און אַ גוטע שלווה האָט מיך באַהערשט... — איר האָט אַ סך איבערגעלעבט ? — האָט זי מיך געפרעגט. ס׳איז מיר אויסגעקומען אַז זי ווייסט אַלץ וועגן מיר. זי האָט געוואָלט וויסן צי איך שטודיר און מיר געראָטן נישט צו פאַרלאָזן מײַן שטודיום. — איר דאַרפט ענדיקן — האָט זי געזאָגט קוקנדיק אויף מיר מיט אירע בלויע אויגן. איך בין געווען באַצויבערט... אירע ווערטער זענען געווען ווי אַ באַלזאַם פאַר מײַנע ווונדן. כ׳האָב זיך געפילט שטאַרק און זיכער ווי קיין מאָל נישט פריִער.

זי האָט מיר דערציילט, אַז זינע האָט זיך אומגעקערט אין איר היימשטאָט, קיין וואָלין, און דאָרט חתונה געהאַט, אָבער נישט מיט דעם בחור, וועלכן אירע עלטערן האָבן געוואָלט. אַ פּאָר טעג פאַר דער חתונה האָט זי אויסגעטוישט דעם חתן אויף אַ צווייטן — אַ סטודענט פון מעדיצין. — סאָניע איז ערשט אַוועק מיט איר פרײַנד — האָט זי מיר איבערגעגעבן. — כ׳האָב זי שוין לאַנג נישט געזען — האָב איך געזאָגט. עווא האָט מיר פאַרטרויט אַז איר חברטע וועט זיך היַינט נישט אומקערן אַהיים. דאָס האָט מיך פריטשמעליעט, כ׳בין געבליבן אָן לשון. עווא האָט דאָס באַמערקט: — סאָניעס פרײַנד — האָט זי צוגעגעבן — איז אַ פײַנער מענטש, אַ פאַבריקאַנט, ער האָט איר געליִען געלט אויף ווײַטערדיקן

שטודיום. עוואַ האָט אַראָפּגעלאָזט דעם קאָפּ, ווי זי וואָלט זיך געשעמט.

איר צניעות האָט מיר אימפּאָנירט. דאָס איז געווען דער מאַגנעט, אַחוץ איר שיינקייט, וואָס האָט מיך צוגעצויגן צו איר. גלײַכצײַטיק אָבער האָט דער שטריך פון איר כאַראַקטער, אין אַ געוויסער מאָס, געהאַמעוועט מײַן נאַטירלעכן באַגער צו דערנענטערן זיך צו איר ווי אַ מאַן צו אַ פרוי.

אַחוץ דער מחיצה איז געשטאַנען צווישן אונדז מײַן אייגענע, פאַר מיר אַליין אומפאַרשטענדלעכע, אומבאַהאָלפנקייט. איך האָב וועגן עוואַן געחלומט ווען כ׳האָב זי נישט געזען, אָבער אין איר בײַזײַן פלעג איך ווערן שוואַך ווי אַ קליין קינד.

כ׳האָב זי איצט אָפט באַזוכט. מײַן לעבן האָט זיך געביטן צום גוטן, פון מײַנע קרענק האָב איך זיך באַפרײַט. כ׳האָב געלערנט און באַלייגט מײַנע עקזאַמענס. ס׳איז געווען אָנהייב מײַ. אין די לאַזשענקעס האָבן זיך צעבליט די אַקאַציע־ביימער. אויפן וואַסער זענען גדלותדיק געשוווּמען די ווײַסע שוואַנען. מיר האָבן שפּאַצירט אין פּאַרק.

— מײַנע עלטערן פאָדערן כ׳זאָל איבעררײַסן מײַן שטודירן און זיך אומקערן אַהיים — האָט עוואַ מיר פאַרטרויט. כ׳האָב אינסטינקטיוו אַ ציטער געטאָן. זי האָט דאָס באַמערקט און געוואָרפן אויף מיר אַ פרעגנדיקן קוק. כ׳האָב זי גענומען אונטערן אָרעם און געשפּאַנט מיט איר אונטער דעם גרינעם באַלדאַכין פון דער ביימער־אַלעע.

אין דער צײַט פון די וואַקאַציעס פלעג איך קומען צו איר, אין דער וווינונג פון אירע עלטערן. די שטוב מיט די גרויסע זשיראַנדאָלן, טשעכישע קרישטאָלן, זילבערנע און פאָרצעלײַענע פיגורן, באַשפּיגלטע שענקלעך, פּערסישע טעפּעכער מיט די דינסט־מיידלעך אין ווײַסן — האָט מיך נישט באַרוישט. כ׳האָב אָבער זיך געפילט אומבאַקוועם אין דעם בײַזײַן פון עוואַס עלטערן. די מוטער פלעגט אונדז איבערלאָזן אין סאַלאָן בײַם טיש מיט פרוכטן, שאָקאָלאַד, טיי און קוכן.

מיר האָבן אָבער ליב געהאַט זיך אַרויסשלײַכן און אַוועק אין טיוואָלי, ווו צווישן די ביימער האָט אַ קליינער אָרקעסטער געשפּילט פּאַרבענקטע וואַלצן און טאַנגאָס. איין מאָל זענען מיר אַוועק אין העלענאָוו, דעמ באַליבטן פּאַרק הינטער דער שטאָט. מיר האָבן זיך געזעצט אויף אַ באַנק אין שאָטן פון אַלטע צעצווײַגטע ליפּעביימער. ס'איז געווען אַ מילדער, זוניקער טאָג. אַ לײַכטער ווינט האָט געשויבערט די בלעטער. פון ווײַטן זענען דערגאַנגען שטימען פון קינדער בײַם וואַסער.

אומבאַוווסטזיניק האָב איך אַרויפגעלייגט מײַן דלאָניע אויף עוואַס האַנט: — עוואַ — האָב איך אַרויסגעשטאַמלט, עוואַ... כ'האָב דערפילט אַז מיר זענען איינס. כ'האָב געוואָלט איר זאָגן אַז כ'האָב זי ליב. כ'בין אָבער נישט בכּוח געווען אַרויסצוברענגען די ווערטער אויף מײַנע ליפּן. זי האָט מיך אָנגעקוקט און שטאַרק אַ דריק געטאָן מײַן האַנט.

זי איז אַוועק מיט איר מאַמען קיין זאַקאָפּאַנע אויף עטלעכע וואָכן און זיך אומגעקערט אַן אָפּגעברוינטע פון דער זון, פול מיט פרייד: — בערג, שניי און נאַרטעס; כ'וואָלט וועלן וווינען אין די בערג ס'גאַנצע לעבן. כ'האָב געבעטן דער מאַמען קויפן דאָרט אַ ווילע.

מיט אַ וואָך שפּעטער האָב איך געטראָפן בײַ עוואַן אַ הויכן יונגער־מאַן אין אַן עלעגאַנטן ספּאָרטאַנצונג. ער האָט אויסגעזען עלטער פון איר מיט עטלעכע יאָר: הענריק נאָוואַק — האָט זי מיר אים פאָרגעשטעלט — מיר האָבן זיך באַקענט אין די בערג. אַ גוטער ספּאָרטסמען. כ'האָב אויף איר געוואָרפן אַ פאַרשנדיקן בליק. זי איז בלייך געוואָרן.

כ'האָב אויפגעהערט קומען צו איר. אָפט געטראָפן דאָס פּאָרל שפּאַצירן אויף דער הויפּטגאַס. עוואַ פלעגט מיך צו מאָל פאַרהאַלטן, געבעטן זיי צו באַגלייטן. כ'האָב מיך אַנטשולדיקט, אויסגעפינענדיק פאַרשיידענע תּירוצים.

איין מאָל האָב איך זי געטראָפן אַליין ווען זי איז אַרויס פון אַ גרויס קליידער־געשעפט. זי האָט זיך מיט מיר דערפרייט, ווי

זי וואָלט מיך שוין יאָרן נישט געזען. זי האָט גיך גערעדט און ס׳האָט זיך געפילט אַ נערוועזיטעט אין אירע באַוועגונגען. כ׳האָב נישט דערקענט די רויִקע, געלאַסענע עווא. מיר זענען אַרײַן אין דער „עספּלאַנאַדאַ״. דאָס קאַפעהויז איז געווען כּמעט ליידיק. עווא האָט געקוקט אויף מיר מיט אַ מאָדנעם בליק. כ׳האָב געוואַרט שוין פון לאַנג זי צו טרעפן אַליין. אַזוי פיל האָב איך געהאַט איר צו דערציילן! כ׳האָב אָבער נישט געקאָנט עפענען ס׳מויל. אַ פינצטערע שפּירונג האָט מיך דורכגענומען. עווא האָט מיר געזאָגט אַז זי קויפט איַין פאַרשיידענע זאַכן. זי וועט זיי אין גיכן דאַרפן. זי איז אַזוי פאַרנומען אַז זי פאַרגעסט וועגן זיך אַליין... — פאַר וואָס זעט מען איַיך נישט, יעלין, — האָט זי געפרעגט — ווו קאָן מען איַיך טרעפן?

— כ׳פאַרברענג צווישן אַרבעטסלאָזע — האָב איך זיך אומנאַטירלעך צעלאַכט — אַרבעטסלאָזע דיפּלאָמירטע קאָלעגן. אויך מיך דערוואַרט דער זעלבער גורל אין אַ יאָר אַרום.

ערשט איצט האָב איך באַמערקט טונקעלע שאָטנס אונטער אירע אויגן: — וואָס איז מיט איַיך? — האָב איך אַ פרעג געטאָן. זי האָט אויף מיר אַ קוק געטאָן און זיך אויפגעשטעלט, — וואָהין לויפט איר, עווא? — זי האָט נישט געענטפערט, נאָר זיך אַראָפּגעלאָזט אויפן שטול און זיך איַינגעקוקט אין מיר. כ׳האָב דיַיטלעך געלייענט אין אירע אויגן: זי דאַרף מיַין הילף.

— כ׳ווייס נישט פאַר וואָס — האָט זי שטיל גערעדט — אָבער ס׳דערמאָנט זיך מיר זינע, ווי אַ פאָר טעג פאַר דער חתונה האָט זי אויסגעביטן איר חתן...

יעלין האָט איבערגעריסן. ער האָט אָנגעשפּאַרט די הענט אויפן טיש:

— די עלטערן האָבן געדריקט אויף איר שוין פון לאַנג, געוואָלט די בת־יחידה חתונה מאַכן... נאָוואַק איז געווען אַ גוטער שידוך: אַן אינזשעניר, פון אַ מיוחסדיקער פאַמיליע... איך האָב נאָך נישט געהאַט בדעה חתונה צו האָבן. כ׳בין געווען אַ יונגער בחור אָן אַ צוקונפט. כ׳וואָלט געמוזט אַרײַן אין דעם שווערס

פאַבריק, און כ׳בין געווען צו שטאָלץ צו זײַן אויסגעשטעלט אויף זײַן חסד. כ׳בין געווען אַמביציעז און געגלייבט אין מײַנע כּוחות. כ׳האָב נישט געזען קיין צוקונפט פאַר זיך אין פּוילן, זיך אַרומגעטראָגן מיטן געדאַנק עמיגרירן קיין אַמעריקע. געוואָלט זײַן פרײַ און אין דער זעלבער צײַט פאַרגעטערט עוואַן. גאַנצע טעג בין איך אַרומגעגאַנגען ווי אַ צעדולטער...

אין אַ פּאָר וואָכן אַרום איז געקומען די פאַרבעטונג צו עוואַס חתונה. כ׳האָב צעריסן דאָס פּאַפּיר אויף פּיץ־פּיצלעך און זיך צעוויינט ווי אַ קינד: איצט בין איך אַליין! — האָב איך אויסגערופן. פאַרשאָלטן צו זײַן אַליין דאָס גאַנצע לעבן! ווי איר זעט, האָט זיך דאָס אַרויסגעוויזן צו זײַן דער הוילער אמת.

מײַן לעצט יאָר אויפן אוניווערסיטעט איז געווען פאַר מיר אַן אָפּקומעניש. כ׳בין קוים דורכגעקראָכן די עקזאַמענס. כ׳האָב אָפט געוואַנדערט איבער די גאַסן און עטלעכע מאָל האָבן מיך די פיס, ווי פון זיך אַליין, אַוועקגעפירט אויף אַגראַדאָווע. כ׳בין געשטאַנען פאַרן טויער: דאָ האָב איך אין אַ פּראַסטיקער נאַכט געהאַלטן איר האַנט, געזען איר פּנים, ווי געשניצט אין העלפאַנטביין.

סוף יאָר האָב איך זיך אומגעקערט אין מײַן היימשטאָט.

עוואַ איז מיר אַנטקעגן געקומען אויף דער גאַס. געפּלעפּטע זענען מיר ביידע געבליבן שטיין אויפן טראָטואַר. זי האָט זיך דערפרייט.

— וואָס איז מיטן אוניווערסיטעט?

— געענדיקט!

— וואָס ווײַטער?

— אַרבעטסלאָזיקייט, לייענען פילאָסאָפישע ביכער און אַרומשלעפּן זיך איבער די גאַסן.

כ׳האָב זי אָנגעקוקט און אַ כוואַליע פון ליבשאַפט און יאוש האָט מיך פאַרגאָסן.

— דו האָסט זיך צעבליט — האָב איך צו איר ווי אין חלום גערעדט — גוט וואָלט געווען. עוואַ, ווען דו ביסט נאָך פרײַ...

די לעצטע ווערטער האָבן זיך אַרויסגעגליטשט פון מײַן מויל

ווי פון זיך אַליין. כ׳האָב זיך אויך אַ כאַפּ געטאָן אַז דאָס ערשטע מאָל זאָג איך איר „דו״.

— גייט אַרויף צו מײַן מוטער — האָט איר פּנים מיט אַ מאָל אויפגעשײַנט — מאָרגן אין דער צײַט וועל איך דאָרט זײַן.

זי האָט אָנגעהויבן גיין און זיך פאַרהאַלטן אַ ווײַלע. אירע צאַרטע ליפּן האָבן אַרויסגעשעפּטשעט: — כ׳בין אין דריטן חודש, יוסף, אָבער כ׳האָב דיך ליב... זי איז אַוועק. אַן אויפגעטרייסלטער האָב איך זי באַגלייט מיט מײַן בליק ביז זי איז פאַרשוווּנדן בײַם גאַסנראָג.

יעלין איז געבליבן זיצן אַ לאַנגע צײַט ווי פאַרשטיינערט. זײַן קול האָט געציטערט:

— כ׳בין אַוועק קיין אַמעריקע צוויי חדשים שפּעטער. די סיבה פון מײַן אַנטלויפן? איר קענט זי פאַרשיידנאַרטיק אויסטײַטשן. שפּעטער איז צו מיר דערגאַנגען די ידיעה אַז עוואַ איז שווער געגאַנגען צו קינד. די דאָקטוירים האָבן געמוזט מאַכן אַ קייזערשניט. מעגלעך זי האָט נישט געוואָלט געבוירן ס׳קינד. קאָן זײַן, זי האָט געטראַכט אַז דאָס קינד וועט אונדז צעשיידן.

כ׳האָב זיך שווער געמאַטערט די ערשטע פּאָר יאָר אין גאָלדענעם לאַנד, אָבער מיט דער צײַט האָב איך זיך אַרויפגעאַרבעט, געוואָרן אַ מענעדזשער פון אַ גרויסער גאַרבערײַ, אַ מיטאייגנטימער און שפּעטער דער בעל־הבית. כ׳האָב עוואַן נישט פאַרגעסן. ס׳האָט מיך די גאַנצע צײַט געפּײַניקט אַ משוגענער געדאַנק, אַז זי וועט צו מיר קומען. כ׳האָב זיך אײַנגערעדט אַז כ׳זאַמל ס׳געלט פאַר איר.

ס׳האָט אויסגעבראָכן די צווייטע וועלט־מלחמה און אין פאַרלויף פון פינף יאָר איז צו מיר נישט דערגאַנגען קיין שום ידיעה וועגן איר. נאָך דער מלחמה האָב איך זי געזוכט אין אַלע לענדער דורך גרויסע אַנאָנסן אין די צײַטונגען, כ׳האָב זי געזוכט דורך דער פאַרמיטלונג פון אינטערנאַציאָנאַלע אָרגאַניזאַציעס און פאַרשיידענע אינסטיטוציעס. ענדלעך איז מײַנע אַ לאַנדספרוי פאַרוואָגלט געוואָרן קיין ניו־יאָרק און האָט געבראַכט מיר די ידיעה

אַז זי האָט עוואַן געטראָפן אין אוישוויץ עטלעכע חדשים פאַר דער באַפרייונג.

— זי לעבט, זי לעבט און זי וועט קומען אַהער! — בין איך אַרומגעגאַנגען פאַרהיפּנאָטיזירט פון דעם געדאַנק. אין מײַן זכרון איז אויפגעגאַנגען איר אַמאָליקער פאַרלאַנג, איר חלום צו באַזיצן אַ ווילע אין די בערג. כ׳בין געקומען אין די קעטסקיל־בערג, אויסגעקליבן דעם פּלאַץ, באַצאָלט דער רעגירונג אַ הויכן פּרײַז און גענומען דעם בעסטן ניו־יאָרקער אַרכיטעקט.

יעלין האָט זיך ווי אויפגעכאַפּט פון אַ טיפן שלאָף. ר׳האָט מיך אַ נעם געטאָן בײַם אָרעם און מיך אַרײַנגעפירט אין דער ווילע. ר׳האָט אַ פּראַל אויף געגעבן אַ טיר. כ׳האָב דערזען אַ גרויס שלאָפצימער מיט אַ ווײַס טאָפּלבעט, אַ געשניצטן העלן האַלץ־טואַלעט־שפּיגל מיט געשליפענע פּערפּיום־פלאַקאָנען. די ווענט באַדעקט מיט בילדער פון באַרימטע מאָלערס.

דאָס איז אונדזער שלאָפצימער — האָט מיר יעלין אַ שעפּטשע געטאָן אין אויער — דאָ, אין די שלאָפלאָזע נעכט רעד איך צו איר און כ׳פיל אַז זי איז מיט מיר.

ר׳האָט אויפגעעפנט אַ צווייטע טיר, אַ דריק געטאָן אַן עלעקטריש קנעפּל. צוויי גרויסע זשיראַנדאָלן האָבן אויפגעלויכטן מיט אַלע קאָלירן פון רעגן־בויגן. אַ גרויסער זאַל האָט זיך אַנטפּלעקט, זײַן סופיט איז געווען באַמאָלט מיט געטינס פון דער גריכישער מיטאָלאָגיע. בײַ די זײַטן פון זאַל זענען געשטאַנען טישלער און שטולן אין סטיל פון לודוויק דעם 14טן.

— דער טאַנצזאַל וואַרט אויף עוואַן, ער איז נאָר פאַר איר און פאַר אונדזערע געסט — האָט יעלין אַ זאָג געטאָן.

מיר האָבן ביידע געשוויגן ווען יעלין האָט מיך צוריקגעפירט צו דער באַנגאַלאָ־קאַלאָניע. דער וועג צווישן די בערג איז געלאָפן ווי אַ סערפּענטין. כ׳האָב ווידער דערזען דורכן אָפענעם פענצטער פון אויטאָ די ווילע אויפן באַרג. דער ווײַסער פויגל האָט נישט מער געשפּרייט זײַנע פליגל צום פליִען. ער איז געלעגן שטיל אָן אַ סימן פון לעבן.

## צווישן אייגענע

רודניק איז געשטאַנען לעבן אים און געצישעט ווי אַ שלאַנג: — איר האָט מיר צוגענומען צוויי קליענטן, זיי האָבן געזאָלט בײַ מיר זיך אַסעקורירן... איר האַלט אין איין קריכן אין דער געגנט, ווו ס׳ווױנען מײַנע קונדן.

ראובן האָט זיך אַ הייב געטאָן פון שטול. שרײַענדיק: — דו ליגנער, מנוול איינער! — האָט ער מיט איין האַסטיקן קנאַק אויסגעזעצט די שויב לעבן רודניקן. די גלאָז־שפּריצן זענען זיך צעפלויגן איבערן צימער, דער קנאַק האָט אָפּגעהילכט איבערן גאַנצן שטאָק. רודניק איז אַנטלאָפן. אויפן שוועל פון אָפיס האָבן זיך באַוויזן דערשראָקענע סעקרעטאַרינס, קאָלעגן פון פאַרשידענע אָפּטיילונגען. עס איז אַרײַן דער דירעקטאָר מיט דער לאַנגער נאָז. ער איז געווען בלייך און צערודערט. ער האָט אָנגענומען ראובנ׳ען פאַרן אָרעם, באַמיט זיך אים צו באַרויִקן:

— נו, שוין, שוין, גאָט מײַנער!...

ראובן האָט געקוקט אויף דער האַנט, מיט וועלכער ר׳האָט אויסגעזעצט די שויב, געזוכט בלוט. ער איז אַרײַן אין וואַשצימער און אונטערגעשטעלט די האַנט אונטערן קראַן:

— קיין בלוט איז נישטאָ, ס׳גלאָז מוז זײַן אינעווייניק... גיסנדיק ס׳וואַסער אויף די פינגער איז אים קלאָר געוואָרן, אַז דער זעץ אין שויב איז געקומען אומדערוואַרט פאַר אים אַליין: אַ סעקונדע פריִער האָט ער נישט געוווּסט, אַז ער וועט צעבראַזגען ס׳גלאָז.

— פאַרלוירן דעם קאָנטראָל איבער זיך, ס׳ערשטע מאָל אין לעבן. דער דירעקטאָר מיט דער לאַנגער נאָז איז געשטאַנען בײַ זײַן זײַט און געהאַלטן אין איין רעדן: — מ׳טאָר זיך נישט אויפרעגן, מאָלע, וואָס אַן אידיאָט באַלעבעטשעט... איר מוזט באַהערשן אײַערע

נערוון, איר זײַט דאָך שוין נישט אין לאַגער, איר זײַט צווישן אייגענע...

ס'פּנים גרוי, די פּיס פון וואַטע — איז ראובן ווידער געזעסן בײַם שרײַבטיש. די לאַנגע נאָז האָט זיך אײַנגעמאָשטשעט לעבן אים אין אַ באַקוועמען שטול מיט אַנלענס. די צעצויגענע ליפּן פון „באָס" זענען געלאָפן אַהין און צוריק, ווי דאָס מויל פון אַ פיש אונטערן האַק־מעסער. ראובן האָט זיך צוגעהערט אַ ווײַלע צום דירעקטאָרס פּלאַפּלען און דאַן אַ קוק געטאָן אויף אים מיט אַ קאַלטן, פרעמדן בליק. דער פּאַרוואַלטער איז שטיל געבליבן, עפּעס אַ מורמל געגעבן און זיך אָפּגעטראָגן.

וויפל מאָל האָט ראובן דאָס געקלאַפּט אין זײַן לאַנגן דירעקטאָרן־טיש, געליאַרעמט: — רודניק איז אַן אויסוווּרף! אַ מסור!

און רודניק איז געזעסן לעבן דירעקטאָר און געשמייכלט.

אַ קאַלטער שווייס האָט באַגאָסן ראובנס לײַב:

— גוט וואָס רודניק איז אַוועק, כ'האָב אים דאָך געקענט דערהרגענען...

שוין ס'דריטע יאָר אַרבעט ראובן דאָ, אין דער פאַרזיכערונג־געזעלשאַפט. אַדורך דאָס געטאָ, בערגען־בעלזן, נאָך דער מלחמה עמיגרירט קיין אַמעריקע. געווען אַ שוואַרצער אַרבעטער, לערער, פאַרשפּרייטער פון ביכער, געשלעפּט זיך צוזאַמען מיט זײַן פרוי איבער קאַנאַדע, די פאַראייניקטע שטאַטן ביז זיך דערשלאָגן דאָ צו דער שטעלע. געלאָפן בײַטאָג, געקלאַפּט אין די טירן בײַנאַכט. געקראָגן קליענטן צווישן „גרינע", נײַ־געקומענע, געוועזענע קאַצעטלער... אָבער אויך דאָ קאָן ער קיין רו נישט געפינען... רודניק וויל אים אַרויסבײַסן, איבערנעמען זײַן קונדשאַפט.

— אַנטלויפן פון דאַנען! אַנטלויפן! !

פאַרזונקען אין געדאַנקען באַמערקט ער נישט, ווי דער בלויער אָוונט קוקט אַרײַן דורך דער אויסגעזעצטער שויב. אַרום אים הערשט אַ קאַלטע רו, ווי אין אַן אָבלס צימער נאָך דער לוויה. אין פענצטער אקעגנאיבער אים האָט עמעץ אָנגעצונדן אַ לאָמפּ —

זײַ געבענטשט מײַן ליכט — האָט ראובן אַרויסגעשעפּטשעט, זײַן האַרץ האָט גענומען האַסטיק קלאַפּן.

— ווער ווייס, צי כ׳האָב נישט קיין האַרץ־אַטאַקע...

ס׳האַרץ האָט זיך פּאַמעלעך באַרויִקט און ער האָט זיך פאַרטראַכט: — אייגנטלעך, פילט ער נאָר זײַן וועזן דאָן, ווען ס׳רשעות גיט אַ קלאַפּ אין זײַנע נערוון, ווען מ׳דערצערנט אים. פרייד? דער דריז איז געוואָרן בײַ אים אַרויסגעריסן. די פרייד שײַנט, ווי די לאָמפּ פון ווײַטן, וואָס באַלויכט זײַן געזיכט, לייזט אויף אַ ווײַלע זײַן ביטערניש, אָבער דרינגט נישט אַרײַן טיפער אין אים. אַפילו ווען ער קושט זײַנע קינדער, קען די פרייד נישט אַדורכדרינגען און אויפרײַסן דעם פּאַנצער פון ווייטיק און פּחד, וואָס איז אָנגעוואַקסן אויף זײַן וועזן.

פּלוצים דערזעט ער, אַז זײַן אָפּיס איז פינצטער. איצט באַנעמט ער די שטילקייט אַרום. אַ ווײַטער טעלעפאָן צעקלינגט זיך אין איינעם פון די צימערן און ווערט אַנטשוויגן. דער גרויסער בנין וואָס הוזשעט אַ גאַנצן טאָג מיטן געקלימפּער פון שרײַב־מאַשינען, גערויש פון מענטשן, טראַסק פון טירן — איז פאַרשטומט און אײַנגעקאַרטשעט, ווי אַן אַלטער מאַן, וואָס ווערט אַנטשלאָפן אין זײַן פאָטעל מיט די ברילן אויף דער נאָז.

ראובן גייט אַרויס פון צימער. קליינע לעמפּלעך ברענען אויף די האַלבע שטאָקן. געדרייטע טרעפּ, אויסגעלייגט מיט אַ רויטן טעפּיך, לויפן פונעם פערטן גאָרן ביזן פּאַרטער. אַן אויסגעלאָשענער זשיראַנדאָל שוועבט אַראָפּ אין האַלב פינצטערן חלל מיט זײַנע שווערע קרישטאָלן.

ראובן נידערט אַראָפּ מיט די געדרייטע שטיגן און קוקט אויף דעם געטאָקטן געלענדער, וואָס קרייזט אַרום דעם האַלב־טונקעלן אָפּגרונט.

— אַ דינער, הילצערנער געפלעכט שיידט מיך אָפּ פון נישט זײַן, איין שווונג, איין איבערבויג...

ער איז אַרויס אויף דער גאַס. די ברייטע פּאַרק־עוועניו איז שיטער באַלויכטן פון הויכע לאָמפּן. ער שנײַדט דעם וועג צום

סאָבוויי. זעט ווי ס׳בלוטיקן די רויטע, הינטערשטע לעמפּלעך פון די צונויפגעדרעגנגטע אויטאָס, וואָס יאָגן אַראָפּ, צום גראַנד צענטראַל.

— אַנטלויפן פון דאַנען, אַנטלויפן!

ראובן שפּאַנט אויפן טראָטואַר, אַ צעקרומטער בוים טונקלט איבער זײַן קאָפּ, ציט זיך מיט אַ האַלבן קרייז ווײַט איבער דעם טראָטואַר, דעם בוימס שטאַם רײַסט זיך מיטן גאַנצן כּוח פון דער ערד, ווײל פון איר אַנטלויפן און בלײַבט אינעם האַרטן באָדן געצווונגענערהייט.

# די וואַלד־אידיליע

זי האָט געהאַט אַ געשטאַלט פון אַ פערצן־יאָריק מיידל. די ענלעכקייט איז געווען שטאַרק בולט, ווען זי האָט געטראָגן אַן אַרויפגעבויגן בלוי היטעלע און אַ ווײַס קעלנערל אויף איר בלוזקע. שלאַנק, מיט אַ פּאָר קליינע ברוסטן, מיט היפטן עטוואָס צו נידעריק אַראָפּגעזעצטע, האָט זי גייענדיק זיך אַזוי ווי געוויגט פון איין זײַט אויף דער צווייטער. איר גאַנג האָט געהאַט פאַר דעם בחור א באַזונדערן רייץ.

ער האָט זי געוואָלט זען, נאָר זען און מער נישט. זי איז געווען אַ קאַלט, ניכטער באַשעפעניש. ערשט אים געקושט און גלײַך נאָכדעם גערעדט זייער קאַלט, ווי ס'וואָלט גאָרנישט פּאַסירט. דער מוח זײַנער האָט אים געהייסן אַנטלויפן, אָבער די פיס האָבן אים אַליין געטראָגן צו איר. ער איז אַרומגעגאַנגען ווי צעדולט: דער קאָפּ, דאָס האַרץ, די אויגן פאַרגאָסן מיט איר בילד. ר'האָט זי געזען אומעטום. עמעצענס קול, בליק אָדער באַוועגונג האָט גלײַך אַרויסגערופן איר געשטאַלט. און איבער אַלעם האָט געשוועבט דער ספּעציפישער ריח פון איר פּנים, האָר: אַ גערוך פון מאַנדלען, געמישט מיט אַ וואַרעמען הויך.

ר'האָט זי געהאַסט און גלײַכצײַטיק געקלעפּט צו איר, וואָס אַ מאָל מער. נישט זאָגנדיק אים קיין וואָרט, איז זי זומערצײַט אַוועק מיט אַ חברה יונגוואַרג אויף אַן אויספלוג אין די ביאַלאָוויעזשער וועלדער. ער האָט פאַרבראַכט אַ שלאָפלאָזע נאַכט. זײַן פּנים האָט געפלאַמט פון אויפרעגונג און צאָרן.. זי איז איצט זיכער געלעגן אין די אָרעמס פון אַ בחור און געלאַכט פון אים.

— געשלאָגן וואָלט ער זי ביז טויט און גלײַכצײַטיק וואָלט ער זיך באַהאָפטן מיט איר צענדליקער מאָל!

ער האָט זי געשאָלטן און גערופן מיט די צערטלעכסטע

נעמען. — אַך, ווען זי וואָלט נאָר גוט געווען, די פאַרשאָלטענע מויד! זי האָט אָבער, צום באַדויערן, אויך באַזיצט אַ ראַפינירטן מוח. דער בליציקער סאַרקאַזם פון אירע רייד, דער שאַרפער אַנאַליז פון דערשיינונגען און מענטשן פלעגן אַנטפּלעקן איר הויכע בילדונג.

איר שטרעבונג איז געווען צו לעבן אין אַמעריקע אָדער פראַנקרייך. זי האָט געהאַסט איר אָרעם לעבן אין פוילן. מיט אַ פאַרכאַפּטן אָטעם האָט זי געגאַפט אויף די טייערע קליידער פון די פילם־„סטאַרס". דאָס קינאָ איז געווען איר בעסטע פאַרוויילונג. אין אירע מאַניערן האָט זי אָפט אומבאַוווסט, נאָכגעמאַכט די אַקטריסעס. איר קול, אירע בליקן זענען, צייטנווייז, געווען אומנאַטירלעך. זי האָט אין אַלגעמיין געטוישט אירע שטימונגען, ווי אַ סאַלאַמאַנדרע די קאָלירן: —אָט איז זי געווען שטאָלץ און שטאַרק און מיטאַמאָל אויסגעקוקט פאַרלוירן און טרוימעריש.

פון די „ראַנדקעס" פלעגט דער בחור אַהיימקומען שפּעט ביינאַכט.

ער האָט גראָד זיך אויף די שפּיץ פינגער פאַרביי געשלייכט די עלטערנס שלאָפצימער, ווען ר'האָט דערהערט דעם טאַטנס שטילע שטימע:

— יצחק...

דער זון האָט זיך דערנענטערט צום פאָטערס בעט.

— יצחק, צו וואָס שלעפּסטו זיך אַרום מיט דער מויד?

דער זון האָט געשוויגן, אַ פאַרלוירענער.

— ווייסטו ווער זי איז? איר טאַטע איז אַ קצב און נישט פון די רייכע, ר'איז אַ פּראָסטער, געמיינער קצב, אַן אָרעמאַן אין זיבן פאָלעס...

דער בחור האָט אַ ציטער געטאָן. פּלוצעם האָט ער אַנטפּלעקט אַ תהום צווישן זיך און זיין פאָטער. אַ טיף רחמנות איז אויפגעגאַנגען אין אים צום מיידל.

— יצחק, דאָס איז נישט אונדזער וועלט און דאָס זענען נישט אונדזערע מענטשן — האָט דער טאַטע שטיל גערעדט —

און איך וואָלט דיך שוין געוואָלט זען אונטער דער חופּה... דו ווייסט דאָך כ׳בין אַ שברי־כּלי... און ווי לאַנג קאָן איך אָנצינען...

דער בחור האָט נישט געקענט אַנטשלאָפן ווערן. ס׳איז אים אויסגעקומען, אַז די פינצטערניש אַרום ווערט שטאַרקער, געדיכטער. באַלד וועט זי אים איינשלינגען. ער האָט זיך דערזען אַ שווימענדיקן אין אַ ברויזנדיקן ים. נישט ווייט פון אים האָט זיין טאַטע געקעמפט מיט די כוואַליעס, וואָס האָבן געוואָלט אים פאַרשלינגען. דער זון האָט אַ כאַפּ געטאָן זיין פאָטער אויף די פּלייצעס און זיך געוווּנדערט ווי וויניק דער טאַטע וועגט. מיטאַמאָל האָט ער דערזען זיין מיידל. איר קאָפּ האָט געטאַנצט אויפן וואַסער אַהין און צוריק. ר׳האָט זיך אַ יאָג געטאָן צו ראַטעווען זיין געליבטע און דערשפּירט ווי זיין פאָטער גליטשט זיך אַראָפּ פון זיין רוקן... יצחק האָט זיך אויפגעוועקט באַגאָסן מיט שווייס.

ער פלעגט איצט בלאָנדזשען איבער די גאַסן, אַרומקרייזן דאָס אָרט ווו זי האָט געוווינט. פיל מאָל איז ער אַוועק פון איר טיר נישט אָנרירנדיק די קליאַמקע. אין איינעם אַ טאָג האָט ער זי געטראָפן אויף דער גאַס. זי איז געווען שענער ווי פריִער. איר פּנים האָט געלויכטן מיט אַ מאָדנער שמחה. ער האָט זי באַגלייט אַהיים און געזעסן ביי איר ביז שפּעט אין דער נאַכט.



אין אַ וואַלדיקן דאַטשע־דאָרף הינטער דער שטאָט זענען זיי געלעגן אויף דעם גראָז. שפּעטער זומער. די בלעטער האָבן זיך געגעלט אין דער זוניקער לופט. צופוסנס פון די זילבערנע בזשאָזעס האָבן זיך געיאָגט די מוראַשקעס. שטיל האָט געשעפּטשעט דער ווינט.

— לאָמיר הערן וואָס דער ווינט ברענגט אונדז פון ווייטע לענדער — האָט זי געפּליסטערט. — אַך, ווי וואָלט איך וועלן אַוועק פון דאַנען, זען די גרויסע וועלט! און איר, פאַרוואָס פאָרט איר נישט אַוועק? — האָט זי אין שמייכל געוויזן אירע ווייסע ציין.

— איז עס אַזוי ליַיכט ? — האָט ער געענטפערט. באַטראַכטנדיק איר רונדיק פּנים, בלויע אויגן און בלאָנדע האָר.

ער האָט אַראָפּגעלאָזט דעם קאָפּ און געשוויגן אַ וויַילע.

— האָט איר מוטער נישט געזינדיקט אמאָל מיט אַ קריסט ? — ס׳איז אים איַינגעפאַלן אַן אויסטערלישער געדאַנק, אַז איר גויִיש בלוט ציט אים צו איר, מאַניעט און רייצט אים.

— אָט זעט איר, נישט וויַיט איז אַ בערגל ! — איז זי אויפגעשפּרונגען ווי אַ סאַרנע און גענומען לויפן פיַיל פון בויגן. ער האָט זי דעריאָגט, אַ כאַפּ געטאָן אין די אָרעמס און גענומען קושן. זי האָט זיך אַ בויג געטאָן און געפאַלן אויף דער ערד.

די הויכע סאָסנעס האָבן גערוישט, פייגל האָבן זינגעוודיק געטשוויטשערט.

זיי זענען געשטאַנען אויפן בערגל. וויַיט האָבן זיך געפּאַשעט קי. נידעריקע כאַטעס האָבן זיך געוויַיזלט אויפן פאָן פון בלויען הימל. איבער דעם שטעבעדיקן אָפּגעקאָסעטן פעלד האָט זיך געשלעפּט אַ פּויער אין צעריסענע שטיוול.

— גיט אַ קוק — האָט ס׳מיידל אַ זאָג געטאָן — ווי אָרעם איז דער פּויער, דער יסוד פון אונדזער לאַנד... יאָ, ס׳גייט שוין דער האַרבסט, מ׳מוז אַ טראַכט טאָן וועגן אַ וואַרעמען מלבוש...

זי האָט גענומען דערציילן וועגן אירס אַ חברטע, אַ סטודענטין פון מעדיצין, וואָס האָט געהייראַט אַ הויפּט־דאָקטער פון אַ פּאַריזער שפּיטאָל.

— זי פּאָרט איצט אין אַ „ראָל־רויס״ און געניסט פון גרעסטן לוקסוס.

— איז דאָס וויכטיק ? — האָט דער בחור טרוקן באַמערקט.

— נאָר וואָס איז לויט איַיך וויכטיק ? טראָגן אַלטע, איבער־געניצעוועטע קליידער, פּאַנטאָפל מיט אויסגעדרייטע קלעצער, נישט קענען זיך דערלויבן צו קויפן אַ פּאָר גוטע, ניַיע זאָקן ? לעבן מיט דעם געציילטן גראָשן ?

אירע אויגן זענען געוואָרן צאָרנדיק גרין. זי האָט אים אָנגעקוקט מיט שפּאָט און גרינגשעצונג. אירע באַקן האָבן געפלאַמט.

ער האָט זיך אַ כאַפּ געטאָן אַוועקצוגיין. זי איז צוגעפאַלן צו אים: — טײַערער — האָט זי זיך געבעטן — טײַערער, פאַרגיב מיר...

נישט קוקנדיק איר אין פּנים אַרײַן, האָט ער זיך געלייגט אויפן גראָז. זי האָט געגלעט זײַנע האָר, פּנים. אירע אויגן האָבן זיך פאַרצויגן מיט אַ העלער און גלאַנציקער פײַכטקייט. זי האָט זיך פאַר אים מתוודה געווען: — ווייסטו, וואָס מיינט קעמפן פאַר יעדער זאַך? האָסטו שוין מלחמה געהאַלטן פאַר עפּעס? ווייסטו דען נישט, אַז די אַלע וואָס קעמפן זענען פאַרביטערט?

— און אָפט זענען זיי ביטערע ברואים — האָט ער אַרײַנגעוואָרפן.

— אמת — האָט זי אַ שמייכל געטאָן — דערפאַר זענען די מענטשן פון די הויכע פענצטער לאַקריץ־זיס. נישט קיין וווּנדער! מ'דערלאַנגט זיי אַלץ אויף אַ זילבערנער טאַץ.

זי האָט אים דערציילט וועגן די לעקציעס, וואָס זי גיט די רײַכע, צעבאַלעוועטע קינדער, וועגן אירע פאַרדינסטן בײַם אַרויסהעלפן דעם „זשאַנדצע" אײַנמאָנען ס'דירה־געלט און מאַכן די „מעלדונקעס". זי האָט אָבער נישט געקענט אַרויסברענגען אויף אירע ליפּן, אַז זי באַרויבט אַן אַלטיטשקע צוויי מאָל אין דער וואָך.

— אין אַ יאָר אַרום ענדיק איך דעם לערער־סעמינאַר און דאַן וועל איך ווערן אַ לערערין — האָט זי זיך צעשטראַלט.

ער האָט געשלונגען אירע ווערטער, ווי אַן אויסגעהונגערטער — ס'ברויט. אַ פּײַנלעכער געדאַנק האָט געזשומעט אין זײַן קאָפּ ווי אַ זלידנע פליג: — דאָס מיידל האָט אים דערלאַנגט אַ שפּיגל, ווו ר'האָט דערזען זײַן אמתדיק פּנים.

אַ קאַלטער אָוונט־ווינט איז געלאָפן איבערן פעלד. זיי האָבן זיך אַ הייב געטאָן פון דער ערד. דער מערב האָט זיך גערויטלט. טונקל־ראָזע וואָלקנס האָבן זיך געשלײַכט איבערן נאָענטן וואַלד. דער בחור האָט נערוועז געשפּאַנט לעבן דעם מיידל.

הויכע סאָסנעס האָבן אַקעגנגערוישט ביידע, ווען זיי זענען

אַרײַן אין דער וואַלדיקער גערדיבעטעניש. אַ קוקולקע האָט מיט אַ פרייִלעכן קוקו באַגריסט די געסט. אַ טאַנצנדיקע אויף די ביימער וועוויאָרקע האָט צעטראָגן די ידיעה וועגן די געליבטע.

איבער אַ קליינער וואַלד־לאָנקע האָט זיך באַוויזן דער גרויער הימל. די אַרומיקע, שוואַרצלעכע צווײַגן האָבן זיך שווער געלייגט אויף דעם לעצטן שטרײַף ליכט.

ער האָט זי האַלב אַרומגענומען מיט זײַן אָרעם. איר לײַב האָט געציטערט. די נאַכט איז צוגעפאַלן און איינגעהילטביידע געשטאַלטן אין פיאַלעט. דער זשיוויצע־גערוך פון די ביימער, שטילער הויך פון פאַפּראַטש, שאַרפער אַראָמאַט פון גראָז־טעפּיך האָבן זיך צעגאָסן אין אַ שטייגנדיקער סימפאָניע פון ריחות.

דער בחור איז שטיין געבליבן. צוגעפאַלן צום מיידל און זי פיבערהאַפטיק געקושט.

— איך האָב דיך...

ער האָט נישט פאַרענדיקט. דעם מיידלס האַסטיקע האַנט האָט אים פאַרקלעפּט ס׳מויל.

— הער מיך אויס — האָט זי גיך גערעדט — איך און דו האָבן שוין צענדליקער מאָל געהערט דאָס וואָרט... די מענטשן וואָס זאָגן עס אַרויס האָבן באמת ליב נאָר זיך אַליין... ליבע מיינט טאָטן...

זי האָט פאַרוואָרפן די הענט אויף זײַנע אַקסלען און אים שטאַרק געקושט. ער האָט דערפילט איר האַסטיקן אָטעם און איר לײַב, וואָס האָט געציטערט. ס׳האָט זיך אים אויסגעדאַכט, אַז צוזאַמען מיט איר אָטעמט שווער די גאַנצע ערד.

פאַרשיכורט פון דער נאָענטקייט פון איר גוף, באַהערשט פון אַ ווילדן באַגער זי צו באַצווינגען, האָט ער אויסגעשטרעקט די האַנט, אַ ריס טאָן איר קלייד. גלײַך אָבער האָט ער זיך באַזונט: — ניין!

שווײַגנדיק זענען זיי אַרויס פון וואַלד. פון הינטער די שווערע וואָלקנס האָט זיך באַוויזן אַ האַלבע לבנה.

# פוסטע ווענט

איך בין נאָך דעמאָלט געווען אַ גרינער אין אַמעריקע. כ׳בין אָפט געקומען צו די פאַרזאַמלונגען פון מײַנע לאַנדסלײַט אין „אַקאַדעמי־האָל״. דער פאָרזיצער פון פאַראיין איז געווען אַ רײַכער, פוילישער ייִד, דזשייקאָבסאָן, וואָס האָט ליב געהאַט זיך צו ווּיצלען און האָט אָפט געמיטלער אַרײַנגעזאָגט די מיטגלידער פון דער „סאָסייעטי״ ביז אין דער זיבעטער ריפּ אַרײַן.

ס׳איז געווען אַ זונטיק נאָכמיטיק. אין דרויסן האָט זיך די גאַס געוויקט אין דעמפּיקער, טוכלער היץ. אין גרויסן זאַל פון „אַקאַדעמי־האָל״ האָט די קאַלטקייט פון לופטקילער אויפגעמונטערט די שלאָבעריקע, פאַרשוויצטע לײַבער און אויפגעבונדן די צונגען.

דזשייקאָבסאָן איז אַרויף אויף דער פּלאַטפאָרמע, געגעבן אַ קלאַפּ מיטן באַזילבערטן האַמער אין הויכן שטענדער. דער ראַשיקער עולם איז מיטאַמאָל שטיל געוואָרן.

— ברידער און שוועסטער — האָט דער פּרעזידענט גענומען רעדן — וויכטיקע ענינים „שטייען״ היינט אויף דער „אַגענדע״. אַחוץ דעם האָבן מיר דאָ היינט אַ חשובֿן פאַרשטייער פון דעם „פאַראייניקטן ייִדישן אַפּיל״...

דאָ איז ער שטיין געבליבן. ער איז בלייך געוואָרן און גיך אַ זאָג געטאָן: — כ׳בעט דעם „וויַס־פּרעזידענט״ צו פאַרנעמען מײַן פּלאַץ...

ער איז אַראָפּ פון דער פּלאַטפאָרמע און זיך אַראָפּגעלאָזט אויפן נאָענטסטן, ליידיקן שטול. ער האָט פאַרשלאָסן די אויגן און איז געזעסן אומבאַוועגלעך אַ צען ־ צוועלף מינוט. ער האָט פּלוצעם אַ שאָקל געטאָן מיטן קאָפּ און אויפגעריסן די אויגנלעפּלער. אונדזערע בליקן האָבן זיך באַגעגנט. ער האָט שנעל אַ קער געטאָן זײַן געזיכט צו דער פּלאַטפאָרמע. כ׳האָב געפילט ,אַז ער מאַכט

דעם אָנשטעל, ווי ס׳וואָלט אים שטאַרק אינטערעסירט די דיסקוסיע וועגן העכערן דעם מיטגליד־אָפּצאָל.

ענדלעך האָט דער עולם זיך אַ נעם געטאָן צו די „רעפּרעשמענטס״: די קאַווע און שניטקעס, דזשייקאָבסאָן איז אַרויס פון זאַל. כ׳בין אים נאָכגעגאַנגען און מיר האָבן זיך געטראָפן בײַם עלעווייטער.

— נו, ווי געפעלן אײַך אונדזערע מיטינגען? — האָט ער מיך געפרעגט מיט אַ קינסטלעכן שמייכל אויף די ליפּן — ווי כ׳זע, יאָגט איר זיך נישט נאָך דער פּרעס, דער אַכילה. איר פאַרמאָגט כאַטשיק די תאווה פון געלט? אויב נישט דאָס, צו וואָס זענט איר געלאָפן קיין אַמעריטשקע?

ער האָט מיר ווילבערודעריש אַ קלאַפּ געגעבן אויף דער פּלייצע:

— ווו וווינט איר? קומט, כ׳וועל אײַך אַהיימפירן מיט מײַן אויטאָ.

זײַנע אויגן זענען געוואָרן מיד, דער שמייכל — אַ געמאַכטער.

כ׳האָב דזשייקאָבסאָנען געטראָפן בײַ די פאַרזאַמלונגען און יעדעס מאָל האָט ער מיך פאַרטשעפּעט:

— האַ, יונגערמאַן, ווו האַלטן מיר? מיר ליגן אין דער אדמה? טיף אין ד׳רערד?

— כ׳האָב געהערט, איר זענט אַ שטיקל שרייבער? גוט ווי גאָלד! וואַשן טעלער קענט איר?

— עפּעס קומט מיר אויס, איר האַלט מיך פאַר אַ פּראָסטן חי וקים. זײַט וויסן, כ׳האָב געענדיקט אַ „פּאָוושעכנע שקאָלע״. מײַן טאַטע, זכרונו לברכה, האָט נישט געהאַט קיין פּעטי־מעטי צו שיקן מיך אין גימנאַזיע... אָבער כ׳האָב זיך אַ סך געלערנט און אַ סך געלייענט. אפשר צופיל געלייענט... אין אונדזער שטאָט האָב איך געהערט צו דער „גורדוניה״...

— נו איר האָט שוין עפּעס אָנגעהויבן? איך האָב דאָס ערשטע יאָר גערייניקט די גאַסן... אַליין זיך אַרויפגעאַרבעט... געוואָרן אויך אַ נאַכט־וועכטער... טאָ איז וואָס? איצט בין איך אַ גביר... טאָ

איז וואָס? הא, איר האָט נישט געהערט פון גרויסן מאַגנאַט דזשייקאָבסאָן? — כ׳האָב זיך צעלאַכט מיט אַ כיכיקן געלעכטער.

*

יאָרן האָבן זיך אַ רוק געטאָן. אין אַ טריבן האַרבסטיקן נאָכמיטיק האָט דער ווינט מיט אַ הוזשען און פײַפן געפּליקט די געלע בלעטער פון די ביימער, וואָס זענען געוואָקסן פאַרן אַרײַנגאַנג צום „אַקאַדעמי־האָל". אומעטיקע רעגנס האָבן געקלאַפּט מיט קאַלטע, לאַנגע פינגער אין די שויבן און מויערן פון הויכן בנין.

דער עולם, וואָס פלעגט קומען צו די פאַרזאַמלונגען, איז איצט געוואָרן שיטערער. אין איינעם אַ נאָכמיטיק האָב איך געטראָפן אין זאַל אַ האַלבן טוץ פון מײַנע לאַנדסלײַט, פאַרקאָכט אין אַ שמועס מיטן „פּרעזידענט".

— אָט האָבן מיר אַן אַכטן צום מנין! — האָט ער מיך באַגריסט.

— ס׳קומט מיר אויס, כ׳זע די עטלעכע בטלנים און דעם אמאָליקן ווילקער בית־מדרש — האָב איך נאָסטאַלגיש געענטפערט.

— מײַן טאַטע פלעגט צײַטנווײַז אַרײַנכאַפּן זיך דאָרט בין מנחה למעריב — האָט דזשייקאָבסאָן זיך דערמאָנט — איבערלאָזן די מאַמע אין קרעמל און לויפן אין בית מדרש...

ס׳איז אַוועק אַ לאַנגער שמועס וועגן די שולן, חזנים און למדנים פון אונדזער היימשטאָט. די אויגן האָבן זיך צעשטראַלט, די פּנימער פאַררויטלט — מיר אַלע זענען ווידער געווען אין אונדזער געבוירן־לאַנד. כ׳האָב מיט אַ מאָל באַמערקט, ווי דער פאָרזיצער רוקט זיך אַרויס פון קרייזל און שפּאַנט, ווי אַ לונאַטיקער, צום ווײַטסטן ווינקל פון זאַל.

ער האָט זיך אַראָפּגעלאָזט אויף אַ שטול און פאַרמאַכט די אויגן.

כ׳האָב זיך אַ ריס געטאָן פון אָרט, ווען איינער פון די

לאַנדסלייט האָט מיך פאַרהאַלטן: — שטערט אים נישט! ער איז נישט מיט אַלעמען! ער מוז קומען צו זיך.

ווי אַ פאַרהיפּנאָטיזירטער, האָב איך נישט געקענט אָפּרײַסן מײַן בליק פון דזשייקאָבסאָנס פּנים.

אין דער רגע, ווען ר׳האָט געעפנט די אויגן, האָב איך זיך גיך אויסגעדרייט צו אים מיט דער פּלייצע. אַ פּאָר מינוטן שפּעטער האָב איך דערשפּירט זײַן שווערע האַנט אויף מײַן אַקסל: — שפּילט נישט דעם טויבן יאַש! איר וואַרט אויף מיר! מיר פאָרן צו מיר אַהיים!

אומזיסט האָב איך זיך מיט אים געאַמפּערט. ר׳האָט נישט אָפּגעלאָזט:

— ס׳וועט אײַך נישט העלפן קיין שומרינו ומצילינו! איר טשאַטעוועט אויף מיר! דזשייקאָבסאָנס אויטאָ איז געפלויגן פײַל פון בויגן.

— ער וויל מיך און זיך דערהרגענען — האָט אַ בליץ געטאָן אין מײַן מוח.

דער אויטאָ האָט זיך ענדלעך פאַרהאַלטן. אַ פּאַרטיער אין אַ בלויער ליוורעע האָט געעפנט די גלעזערנע טיר. דאָס פּאָדערהויז, פול מיט פּאַלמען אין גרויסע, הילצערנע בלומענטעפּ, איז געווען אויסגעלייגט מיט דיקע טעפּעכער. מיר זענען אַרויף מיט אַ באַשפּיגלטער ווינדע אויפן פופצנטן שטאָק.

אַ דינסטמיידל אין ווײַסן האָט געעפנט די טיר:

— די מאַדאַם האָט זיך נישט געקענט דערוואַרטן אויפן הער, זי איז אַליין אַוועק אין דער אָפּערע...

מיר זענען אַרײַן אין אַ העל־באַלויכטענעם קאָרידאָר. אויף אַ הויכן פּיעדעסטאַל איז געשטאַנען אַ קאָפּיע פון ראָדענס „דענקער״. אַן איילבילד פון פּאַריז בײַ דער סען האָט פאַרנומען אַ גאַנצע וואַנט. די צווייטע — איז פול געווען מיט קאַריקאַטורן. מיר זענען פאַרבײַ אַ גרויס עס־צימער. די ווענט זענען געווען באַדעקט מיט געשניצטן האָלץ. ס׳מעבל איז געווען שווער און טונקל.

דזשייקאָבסאָן האָט מיך אַריינגעפירט אין סאַלאָן. ער האָט אָנגעצונדן די עלעקטריע. די שײַן פון קרישטאָלענעם זשיראַנדאָל האָט אַנטפּלעקט אַ גרויסן זאַל און ווענט פאַרדעקט מיט בילדער פון סופיט ביזן דיל: לאַנדשאַפטן, שטיללעבנס, פּייזאַזשן, פּאָרטרעטן, אַקטן, סילועטן.

כ׳האָב געשטוינט: קיין איין פּיצל ליידיק פּלאַץ איז נישט געווען אויף די ווענט. דער בעל־הבית האָט באַמערקט מײַן איבערראַשונג און שטיל אַ זאָג געטאָן:

— איך לײַד נישט קיין פּוסטע ווענט...

ר׳האָט מיר געוויזן אַ פּאָטעל בײַ אַ רונדיקן טישל אין סטיל פון לודוויק דעם פערצנטן און אַליין זיך באַזעצט אַקעגנאיבער.

— כ׳האָב ליב צו פאַרברענגען אין דעם סאַלאָן מײַן פרײַע צײַט — האָט ער, ווי אין אַ פּאַרלעגנהייט, געשמייכלט — דאָ לייען איך די צײַטונגען, שרײַב די בריוו, באַטש ס׳פעלן דאָ נישט קיין צימערן אין מײַן אַפּאַרטמענט...

אַ באַדינער האָט איבערגעריסן זײַנע רייד. ר׳האָט געבראַכט אויף אַ טאַץ אַ פּאָר הויכע גלעזער מיט אײַז און אַ פלאַש וויסקי און קאָניאַק. מיט איין שלוק האָט דזשייקאָבסאָן אַריינגעגאָסן אין זיך אַ האַלבן כּוס מיט וויסקי.

— טרינקט לאַנדסמאַן, לאָמיר פאַרטרינקען די צרות! — האָט דער בעל־הבית זיך געווענדט צו מיר, געבנדיק גלײַכצײַטיק אַ שפּאָרן זופּ פון זײַן גלאָז. זײַן האַנט האָט געציטערט, ווען ר׳האָט ס׳גלאָז אַוועקגעשטעלט אויפן טיש.

ער האָט פאַרביסן די ליפּן דורכגענומען מיך מיט אַ שאַרפן בליק און מיט אַ הייזעריקער שטימע גענומען רעדן:

— ווען די מלחמה האָט אויסגעבראָכן בין איך געווען ניינצן יאָר אַלט. די היטלעריסטישע חיילות האָבן זיך דערנענטערט צו דער שטאָט. מײַן טאַטע האָט געהאַט אַ שפּייז־קרעמל קעגנאיבער די קאַזאַרמעס אויף דער קאָנסטאַנטינער גאַס.

די גרויסע זעלנערישע קאַשאַרן זענען געשטאַנען פּוסט, די צוויי העלפטן פון הויכן, אײַזערנעם טויער זענען געווען ברייט

צעפּראַלט. אַ צענדליק קריסטלעכע ייִנגלעך האָבן זיך געשפּילט אויפן הויף אין אַ מלחמה, וואַרפנדיק איינער אויפן צווייטן אַמטלעכע אַקטן, שטויסן „מעלדונקעס״ און אָפּגעבראָכענע שטיקער העלצער, פּאַרבליבן פון די צעשלעפּטע, זעלנערישע פּריטשעס און פון קאַנצעלאַריע־מעבל. די קינדער האָבן הויך געשריען די פּוילישע מושטרע־רופן. דאָס עכאָ פון ליידיקע זאַלן האָט זיי געענטפערט. פון די אָפענע פענצטער האָבן ערטערווייז אַרויסגעקוקט טיילן פון בילדער פון פּוילישן פּרעזידענט און אויך פון מאַרשאַל שמיגלי. עטלעכע דרייסטע ייִנגלעך האָבן אַרויסגעשלעפּט פון אַ זייטיקער קאַמער די ווייס־רויטע פענער און זיי געשלעפּט פאַר די הילצערנע שטאַנגען דורכן הויף, טויער, אַרויס אויף דער גאַס. אַ פּאָליציאַנט איז פאַרביי. ער האָט איבערגעשראָקן די חברה. זיי זענען זיך צעלאָפן מיט אַ געקוויטשעריי.

כ׳בין געשטאַנען מיט מײַן טאַטן אויף דער צווייטער זײַט גאַס, אַקעגנאיבער די קאַזאַרמעס, לעבן אונדזער שפּײַז־קרעמל. מײַן פאָטער האָט באַטראַכט פון ווײַטן די פענער, וואָס זענען געלעגן צעקנוידערט און פאַרקוויטיקט אויפן טראָטואַר. ער האָט געקוקט אַ ווײַלע און אינסטינקטיוו זיך אַ ריר געטאָן פון אָרט, ווי ר׳וואָלט וועלן אַ לויף טאָן און אויפהייבן די עמבלעמען פון דער מלוכה, געבליבן אָבער שטיין, צעקעמט מיט דיביינערדיקע פינגער דאָס גרויענדיקע בערדל און מיט אַ זיפץ אַרײַן אין געוועלב.

— פּוילן איז געפאַלן און מיט איר אויך מיר — האָט ער אַ שאָקל געטאָן מיטן קאָפּ — די סיטרא אחרא האָט באַהערשט די וועלט... מיר דאַרפן גרויס רחמים!

די מאַמע איז אַ פאַרסאַפּעטע אַרײַן פון גאַס.

— נחום — האָט די מאַמע געציטערט אינגאַנצן פון אויפרעגונג — נחום, דו ווייסט גאָרניט, וואָס ס׳טוט זיך אין דער שטאָט! אַ ווייסט איבערקערעניש! די באַנהויף־מאַגאַזינען האָט מען אויסגערויבט, די מאָנאָפּאָל־סקלאַדעס — אויפגעריסן און אויסגעליידיקט!... דאָס פּעבל לאָזט זיך וויל גיין! אפשר וועסטו פאַרשליסן די קראָם?

— נישטאָ בײַ מיר וואָס צו ראַבירן — האָט מײַן טאַטע זיך צעלאַכט — מײַן גאַנץ פאַרמעגן באַשטייט פון אַ פּאָר קילאָ קאַרטאָפל, אַ ביסל מעל און קאַשע און אַ קאָפּ צוקער...

— שיין האָסטו זיך פאַרזאָרגט, חכם מײַנער! אַלץ וואָס דו האָסט געהאַט אין קרעמל האָסטו פאַרקויפט דײַנע קונדן... אמת זאָגנדיק — צעטיילט... ווײַל ווער וועט דאָס איצט באַצאָלן אַ חוב? — האָט זיך די מאַמע געבייזערט.

— קינד מײַנס — האָט דער טאַטע תּמימותדיק געשמייכלט — ס'איז אַ צײַט פון צרה ומצוקה און מיר דאַרפן העלפן איינער דעם אַנדערן.

אַ קוואַקערײַ פון קאַרטאָפל, וואָס האָבן זיך געקאַכט אויף אַ שאַמאָט־קיכל, איז דערגאַנגען פון הינטער דעם הילצערנעם ווענטל, וואָס האָט אָפּגעטיילט דאָס געוועלבל פון דער שטוב.

מיר זענען געזעסן בײַ דער וועטשערע און די מאַמע האָט נישט אויפגעהערט צו דערציילן וועגן די פּאַסירונגען אין דער שטאָט: מ'אַנטלויפט! דער יובעלירער און צירונג־הענדלער קאַנטאָר איז אַוועק אין מיטן דער נאַכט מיט זײַנע בריליאַנטן...

דער טאַטע האָט געוואָרפן אַ בליק אויפן ספרים־שענקל בײַ דער וואַנט.

— רחל, וואָס וועט זיין מיט די ספרים? די היטלעריסטן ברענען ספרים!

די מאַמע האָט זיך אײַנגעקאָרטשעט און בלייך געוואָרן, ווי פון אַן אומגעריכטן פּאַטש.

— וואָס וועט זײַן מיט מײַן ווילנער ש״ס? ווו באַהאַלט מען אים? — האָט איבערגעחזרט מײַן פאָטער.

יענע נאַכט האָבן מיר נישט געקענט אַנטשלאָפן ווערן: איך און דער טאַטע. מײַן אויסלייג־בעטל איז געשטאַנען לעבן זײַן בעט. מײַן פאָטער האָט מיר דערציילט וועגן מײַן זיידן און עלטער־זיידן, איבערגעגעבן מיר אונדזער שטאַם און יחוס. ער האָט צו מיר גערעדט, ווי ר'וואָלט געאַנט אונדזער גיכן צעשייד.

— געדענק, מײַן קינד — האָט ער מיר געלערנט — מיט

דײַן האָב און גוטס זאָלסטו זיך טײלן מיט די נויטבאַדערפטיקע. ווען דו וועסט דאָס טאָן, וועסטו דערזען אין זײערע אויגן דעם וואַרעמען בליאַסק פון מענטשלעכער דאַנקבאַרקײט און ליבע. אָט די שטראַלנדיקע אויגן זענען די אמתע בריליאַנטן! זע צו זאַמלען וואָס מער די אײדלשטײנער, כּדי נישט צו פאַרשעמען דײַנע זײדעס און עלטער־זײדעס.



— מײַן טאַטע... מײַן טאַטע... — דזשײקאָבסאָן האָט מיטאַמאָל איבערגעריסן, זיך אַ הײב געטאָן פון אָרט און גענומען האַסטיק שפּאַנען איבערן זאַל, אַהין און צוריק, ווי אַ חיה אין אַ שטײַג. ענדלעך האָט ער זיך אומגעקערט צו זײַן פּלאַץ, אַרײַנגעגאָסן אין זיך די פאַרבליבענע אין גלאָז וויסקי, אָנגעפילט אַ צווײטן כּוס און מיט אײן צי אויסגעלײדיקט אַ האַלב גלאָז.

מיט פאַרלאָפענע אויגן און צונטער־רויט פּנים האָט ער ממשיך געווען:

— צומאָרגנס בין איך אַרויס פון הויז, געגאַנגען זען מײַן מײדל בראָניע. אויף געוויסע פענצטער און מויערן פון הײזער האָט זיך געקרויטלט די סוואַסטיקע. פאַרבײגײערס האָבן דורכגעאײלט מיט בלײכע פּנימער און דערשראָקענע בליקן. עטלעכע באָבערדלטע ייִדן זענען פאַרבײַגעלאָפן מיט אַרומגעבונדענע גאָמבעס. אויף די פלויטן האָט זיך דער האַרבסט־ווינט געשפּילט מיט האַלב אָפּגעריסענע פּלאַקאַטן — אויפרופן פון ביסקופּ טשיאָלעק צו דער באַפעלקערונג אָפּצוהיטן די אָרדענונג ביז די דײַטשע אַרמײ וועט פאַרנעמען די שטאָט. לײדיקע פודלעס, ברעטער פון קעסטלעך האָבן זיך געוואַלגערט לעבן אַ געוועלב מיט אויסגעזעצטע שויבן און אַן אויפגעריסענער טיר. עטלעכע שײגעצלעך זענען אָנגעלאָפן און דערזעענדיק מיך גענומען שרײַען: — יודע, יודע, יודע! פאַרשלאָסענע הײַזער און אַראָפּגעלאָזטע ראָלעטן בײַ די פענצטער האָבן געאָטעמט מיט פּחד. עטלעכע מענטשן האָבן געזעצט מיט די פויסטן אין אַ פאַרמאַכטן טויער. די גאַז־לאָמפּן, נישט גענוצטע

זינט יאָרן, האָבן אויסגעזען ווי פאַרשטאַרטע אויפרוף־צייכנס פון אַ שטאַט, וואָס וואַרט אין פיין. דער גרויער פּאַס הימל צווישן די צוויי רייען הײַזער איז געווען קאַלט, ווי אַן עפּילעפּטיקערס געזיכט פאַרן אַטאַק.

ווען כ׳האָב זיך דערנענטערט צו בראַניעס הויז, האָט מײַן האַרץ גענומען האַסטיק קלאַפּן. זי האָט מיר געעפנט די טיר און זיך צעשמייכלט. אַרײַנקומענדיק האָב איך גלײַך דערשפּירט די פײַכטקייט פון איר פּאַרטער־וווינונג. יעדעס מאָל ווען כ׳האָב זי געקושט, האָב איך געפילט דעם נאָסן, טוכלען גערוך פון אירע קליידער.

זי איז דעם טאָג געווען אַנדערש, ווי שטענדיק. זי האָט זיך אויף מײַן חשבון נישט־בײַסיק געוויצלט. זי איז געווען רויִק און אָפּנהאַרציק.

— לאָמיר אַנטלויפן — האָט זי אַ זאָג געטאָן.

— וואָהין? — האָב איך געפרעגט נישט לייגנדיק קיין אַכט אויף אירע רייד.

ס׳איז געווען גוט צו זיצן דאָ און קוקן אויף איר רונדיק, קינדיש פּנים, אויף אירע בלויע אויגן. די צײַט האָט אויפגעהערט צו עקסיסטירן פאַר מיר.

— מײַן טײַערער — האָט זי אַ שעפּטשע געטאָן און מיך האָט דורכגענומען אַ ציטער. דאָס איז געווען דאָס ערשטע מאָל, וואָס כ׳האָב געהערט פון איר די ווערטער.

— מײַן טײַערער — האָט זי געפּליסטערט — ס׳דראָט אונדז אַ גרויסע סכּנה, לאָמיר אַוועק פון דאַנען, וואָס גיכער...

— ווי קאָן איך פאַרלאָזן מײַנע עלטערן? — האָב איך זי אָנגעקוקט אַ דערשראָקענער.

— פּחדן וואָס דו ביסט! — איז זי מיך באַפאַלן — ביסט אַ קליין קינד, וואָס האַלט זיך בײַ דער מאַמעס פאַרטעך!

זי איז ווי אָפּגעקילט געוואָרן. פאַרשלאָסן אין זיך, האָט זי געשוויגן. כ׳בין אויפגעשטאַנען, געזוכט ווערטער און נישט געקענט געפינען.

כ׳האָב זי אַרומגענומען, אַ קוש געטאָן איר פילבאַר געזיכט.

אַ רויטער פלעק האָט אויפגעבליט אויף איר פּנים. ס׳האָט גענומען לאַנג ביז דער ראָזלעכער אָפּשײַן איז צעשוווּמען געוואָרן. כ׳בין אַוועק, בראָניע האָט מיך נישט פאַרהאַלטן.

ווילדע קולות האָבן אונדז אויפגעוועקט אין מיטן דער נאַכט. מיר האָבן אַרויפגעוואָרפן אויף זיך די מלבושים און אַרויס אויף דער גאַס, פאַרן טויער.

בײַ דעם פאַרטונקלטן ליכט פון דעם גאַסן־לאָמפּ האָט זיך אויסגעדוכט, אַז די טראָטואַרן און הײַזער שווימען, מיט זיי צוזאַמען שטראָמען געדיכטע ריטשקעס מענטשן, צעכוואַליעטע שאָטנס פון פערד און וועגענער. דורכן שווינדלדיקן געררויש רײַסט זיך דורך דער ליאַרעם פון מיליטער־לייט:

— מענער אַנטלויפט!

— די דײַטשן קומען אָן!

ס׳יאָגן פאַרבײַ מיט אַ געיאָמער פאַרוווּנדעטע זעלנער אויף פורלער אויסגעבעטע מיט היי. אין טויער זענען אַרײַן סאָלדאַטן, געבעטן ציווילע מלבושים. ס׳זענען אָנגעלאָפן מײַנע חברים: מוניעק, חיים און הערש.

— מיר אַנטלויפן! — האָט מוניעק נערוועז גערעדט — קום מיט אונדז!

כ׳האָב דערשפּירט מײַן טאַטנס האַנט אויפן אַקסל: — גיי מײַן קינד, גיי

— פאַרוואָס? האָב איך זיך געראַנגלט, ווי אין אַ קאָשמאַר־חלום — פאַרוואָס זאָל איך אַוועק?

— זון מײַנער — האָט מײַן פאָטער גוזר געווען — מוזסט אַנטלויפן! דײַן לעבן איז אין אַ סכּנה!

מײַנע חברים האָבן גענומען אײַליק שפּאַנען. דער טאַטע האָט מיך אַרומגענומען, אַ קוש געטאָן. די מאַמע איז אויף מיר אַרויפגעפאַלן, אירע טרערן האָבן באַנעצט מײַן געזיכט: — ראַטעווע זיך, קינד מײַנס, גיי, גיי גיכער!

*

דזשייקאָבסאָן איז אַנטשוויגן געוואָרן, ר׳האָט אָנגעשפּאַרט זײַן קאָפּ אויף די עלנבויגנס און ר׳איז פאַרזונקען אין געדאַנקען. כ׳האָב זיך אַרומגעקוקט. ס׳איז מיר געוואָרן ענג פון די צונויפּגעדריקטע בילדער אויף די ווענט. ס׳האָט זיך מיר אויסגעדאַכט, כ׳זיץ אין אַ תּפיסה־קאַמער צוזאַמען מיט דזשייקאָבסאָנען. אינסטינקטיוו האָב איך זיך אַ הייב געטאָן פון פּלאַץ. דער בעל־הבית האָט מיך אײַנגעהאַלטן מיט אַ האַנט־באַוועגונג:

— איר ווילט דאָך וויסן, וואָס איז ווײַטער געשען? מיר זענען געלאָפן קיין וואַרשע אונטער אַ האָגל פון דײַטשישע קוילן, פון דאָרט זענען מיר אַוועק מיט אומוועגן קיין מאַלקיניע. מיר זענען צוויי מעת־לעת געלעגן אויפן פעלד אין שניי און ביטערער קעלט ביז מ׳האָט געעפנט פאַר אונדז דעם שלאָבן צום סאָוועטישן גן־עדן. מײַנע חברים זיינען געבליבן אין ווילנע. איך בין אַרײַן אין דער רויטער אַרמיי און אַריינמאַרשירט צוזאַמען מיט איר אין יאַנואַר 1945 אין אונדזער היימשטאָט. די דײַטשן האָבן פאַרלאָזט אין געאײַל די שטאָט מיט עטלעכע טעג צוריק. כ׳בין גלײַך אַוועק צו דער היים פון מײַנע עלטערן. די טיר פון געוועלב איז געווען האַלב פאַרמאַכט. כ׳האָב אַ ריס געטאָן די טיר און כ׳שטיי שוין אינעווייניק. דאָס הילצערנע ווענטל איז נישטאָ. ס׳איז איין גרויסע, ליידיקע שטוב מיט פּוסטע ווענט. כ׳בין געפאַלן אויפן דיל, געקושט די ברעטער. כ׳האָב געקושט די ווענט. כ׳האָב זיך צעהעשעט, גענומען רײַסן מיט די נעגל די הוילע ווענט. כ׳האָב זיך צעשריען מיט באַנומענע קולות און כ׳בין אַוועקגעפאַלן איף דער ערד אָן באַוווסטזיין. גויישע געשרייען האָבן מיך אויפגעוועקט.

ס׳האָט גענומען עטלעכע וואָכן ביז כ׳בין געקומען צו זיך. כ׳בין אַרויס אויף דער גאַס, געזוכט צווישן דעם עולם פון פאַר־בײַגייער אַ באַקאַנט פּנים און נישט געפונען. ווי פון זיך אַליין האָבן די פיס מיך אַוועקגעטראָגן צו בראָניעס שטוב. אויפן הויף איז געשטאַנען אַ פור מיט מעבל. צוויי גויים האָבן זיך געפּאַרעט בײַם אַראָפּנעמען די זאַכן פון וואָגן. די טיר פון בראָניעס וווינונג איז ברייט געווען אָפן. כ׳בין אַרײַן... די טוכלעקייט האָט מיר געגעבן

אַ שלאָג אין פּנים צוזאַמען מיט דער פּוסטקייט פון עלנטע ווענט. דאָס פענצטער איז געווען נאַקעט, אָן פאָרהענגלער און אָן דעם וואַזאָן מיט בלומען. בראָניעס גיבע טריט האָט מען מער נישט געהערט. אין ווינקל פון צימער האָט געבלישטשעט אַ שטיקל פון אַ צעבראָכן שפּיגעלע. כ׳האָב עס אויפגעהויבן, צוגעדריקט צום מויל און דערשפּירט ווי ס׳שאַרפט מיר אויף די ליפּן. כ׳האָב זיך איינגעהערט אין דער טויטער שטילקייט, געקוקט אויף דער וויסטער שטוב, אויף די נאַקעטע ווענט און כ׳בין אַרויס מיט אַ ספּאַזמאַטיש געוויין. ס׳זענען אַריין צוויי גוים מיט אַ שאַנק, די נייע באַלעבאַטים פון דער דירה.

כ׳בין געווען אין פּוילן עטלעכע יאָר, געוואַרט אויף אַ ידיעה פון מיינע נאָענטע, קיינער איז נישט צוריקגעקומען, דער מינדסטער קלאַנג וועגן זייער גורל איז צו מיר נישט דערגאַנגען. כ׳בין אַוועק אין דער גרויסער וועלט, געוואָלט אַנטלויפן וואָס שנעלער און ווייטער פון דעם פּלאַץ פון פּיין. געווען אין פאַרשיידענע לענדער, ביז ענדלעך זיך באַזעצט אין די פאַראייניקטע שטאַטן.

מיט צען יאָר צוריק האָב איך געפּראַוועט די חתונה פון מיין בן־יחיד אין אַ גרויסן האָטעל אין ניו־יאָרק, אין „אַסטאָריע". ווען כ׳בין אַריין אין זאַל, האָט די מוזיק שוין געשפּילט. דער גרויסער רוים האָט זיך געטונקען אין אַ ים פון ליכט פון די צענדליקער זשיראַנדאָלן. ס׳זענען מיר און מיין פרוי אַקעגנגעלאָפן די געסט: כ׳האָב זיי אָנגעקוקט און געטראַכט: ווו איז מיין משפחה? ווו זענען מיינע עלטערן, די קרובים, בראָניע, חברים, פריינד?

כ׳האָב געוואָרפן אַ בליק אויף די פּנימער אַרום מיר און באַמערקט, אַז זיי ווערן בלאַסער. די מיילער, אויגן, נעז זענען מיטאַמאָל פאַרשוווּנדן און די געזיכטער האָבן זיך פאַרוואַנדלט אין אָוואַלע ווייסע פלעקן.

כ׳האָב דערזען פּוסטע פּנימער.

גלייך האָבן אויפגעטויכט פאַר מיינע אויגן די פּוסטע ווענט פון מיינע עלטערנס שטוב און בראָניעס צימער. די נאַקעטע, עלנטע ווענט זענען געווען אַזוי בולט, ווי כ׳האָב זיי געזען דאָס ערשטע

מאָל, נאָך מײַן צוריקקער פון רוסלאַנד. ממש אָנצוטאַפּן מיט דער האַנט!

כ׳האָב אױפגעצײַטערט, אױסגעשטרעקט די הענט אָפּצושטופּן דעם קאָשמאַר, אָבער אומזיסט! כ׳האָב גענומען שרײַען מיט װילדע קולות. ס׳האָט גענומען לאַנג ביז כ׳האָב דערהערט מײַן פרױס שטימע: — באַרויִק זיך! באַרויִק זיך!

אַ מאַן אין שװאַרצן האָט געטאַפּט מײַן פּולס.

דאָס איז געװען דאָס ערשטע מאָל, װאָס כ׳האָב דערזען די פּוסטע פּנימער און נאַקעטע, עלנטע װענט. מיט דער צײַט איז דאָס גרױזאַמע בילד געװאָרן מײַן קאָמפּאַניאָן. עס קומט און גײט אַװעק אומגעריכט. קײן פּראָפעסאָר קען נישט אָפּשטעלן דעם קאָשמאַר, קײן מעדיצין קען נישט העלפן.

כ׳האָב איבערגעגעבן מײַן געשעפט מײַן זון. כ׳בין טעטיק אין אַ צענדליק פילאַנטראָפּישע אָרגאַניזאַציעס, כ׳גײ אָפט אין טעאַטער. און הער אָפּערע. כ׳באַזוך קונסט־־גאַלעריעס. כ׳פאָר אױף װײַטע רײַזעס קײן אײראָפּע. אָט טראָגט מיך אַ גאָנדאָלאָ אױף די װאַסערן פון װענעציע און אַ פּאָר טעג שפּעטער באַװוּנדער איך שױן די קונסט־אוצרות פון לוּװור. אָט זיץ איך בײַם רולעט־טיש אין מאָנאַקאָ און גלײַך נאָכדעם, אַ טאָג שפּעטער, פלי איך איבער די אַלפּן צו דער פאַרחלומטער שטאָט — שטאָקהאָלם...

אָבער דאָס אַלץ העלפט מיר זײער װײניק. דער קאָשמאַר פון פּוסטע פּנימער און נאַקעטע װענט באַגלײט מיך אומעטום. איך פיל, װי ער פּרעסט מיך אױף, פאַרצערט מיך אין אַ שנעלן טעמפּאָ, טרײַבנדיק מיך צו דער פאַרהוילטער װעלט, װוּ כ׳װעל זיך טרעפן מיט מײַנע נאָענטע.

# די קאַמעניצע

## (אַ פראַגמענט פון אַ ראָמאַן)

ד״ר א. אב־שלום — אַ מתנה

די דרײשטאָקיקע קאַמעניצע האָט זיך געהויבן איבער דער ברוקירטער גאַס מיט אירע גרויסע, װענעצקע פענצטער, רחבותדיקע באַלקאָנען פול מיט אָלעאַנדערס און בלומען־טעפּ, געגרויסט זיך מיט איר גבירישער שטוקאַטור פון גזימסן און װענט. די צװיי העלפטן פון ברוינעם טויער זענען געווען באַצירט מיט שוואַרצע, אײַזערנע בלעטער און פאַרשידענע פלאָרעסן מיט די איניציאַלן A און Z אין דער מיט. דער הויף געוועלבטער, לאַנגער אײַנגאַנג, וואָס איז געווען שאָטנדיק קיל זומער־צײַט און וואַרעמלעך אין ווינטער, האָט געפירט פון איין זײַט צום סטרוזשס וווינונג, פון דער צווייטער — צו הילצערנע, ברייטע טרעפּן, וואָס זענען געלאָפן צו די פראָנט־וווינונגען. די פענצטער צווישן די שטאָקן האָבן געהאַט קאָלירטע, פירעקיקע שײַבלעך אַרום דער ווײַסער שויב און די קינדער האָבן ליב געהאַט צו קוקן דורך דעם גרינעם, רויטן אָדער געלן גלאָז.

דעם הויף האָבן אַרומגערינגלט: אַ לאַנגע אָפיצינע, אַ ריי הילצערנע קאַמערן, אַ געמויערטער, הויכער שפּײַכלער און אַ קורצער פּלויט, וואָס האָט אָפּגעשיידט פּאַזנאַנסקיס פּרוכט־ און גרינסן־גאָרטן פון זילבערס אייגנטום. די לאַנגע אָפיצינע האָט געוואָנדן אַלע אירע אויגן צום גאָרטן. זומער־צײַט פלעגן קינד און קייט זיך באַזעצן אויף די באַלקאָנען, אַרײַנזאַפּן אין זיך די פאַרבלאָנדזשעטע ריחות, קוויקן זיך מיט דער גרינקייט פון די פלאַנצן און צוויט פון דיביימער און חלומען, אַז זיי זענען אויף דאַטשע.

אַ שמאָלע תּיפלה, האַלב באַהאַלטן אין גאָרטן האָט געטורעמט איבער די עפּל־און באַרן־ביימער, אַרײַנגעשניטן זיך אין האָריזאָנט, געהילכט מיט אירע גלאָקן יעדן פרימאָרגן און געוועקט די לאָקאַטאָרן פון דער קאָמעניצע.

די אײַנוווינער פונעם הויז זענען געווען פאַרהאַוועט אין עול פון פּרנסה, פאַרטאָן אין פאַרשידענע געשעפטן. דער רײַכסטער פון אַלע איז געווען דוד שעלובסקי, וואָס האָט געהאַנדלט מיט פּראָנצוויזישע שפּיצן און זײַדענע טאַשמעס און אַ חוץ דעם געליען געלט אויף ליכוועצינזן. דעם בעל־חוב האָט דוד אָפּגעהיטן ווי אַן אויג אין קאָפּ. אויב דער לײַער איז געווען אַ סוחר, האָט שעלובסקי יעדע פּאָר טעג געטאַפּט דעם דופק בײַ די קאָנקורענטן פון בעל־דבר. אויב דער באָרגער איז געווען אַ הויז־אייגנטימער, פלעגט דוד זײַן אַן אָפּטער גאַסט אין דער היפּאָטעק. ווען מ'האָט געזען אים לויפן איבער די שטיגן אַ צעיאָכמערטן מיט ווילד אַרויס־געשטאַרצטע אויגן, האָט מען שוין געוווּסט, אַז איינער פון זײַנע בעל־חובות איז קראַנק אָדער האָט אַנגעזעצט. דוד האָט דאַן געשריען מיט ווילדע קולות אויף זײַן ווײַב און אָפטמאָל זי געשלאָגן. זי האָט געהאַט בײַ אים אַ ביטערע מערכה. זיי האָבן געוווינט אין איין צימער. זי האָט געשלעפּט וואַסער מיט אַן עמער פון שכן, געשאַרט די פּאָדלאָגעס, געוואַשן די וועש, באַרוימט איר זעקסיעריקן יינגל, וואָס איז געווען נישט מיט אַלעמען. זי האָט זיך אָפּט באַקלאָגט פאַר דער באַלעבאָסטע פון הויז, דבורה זילבער: — וואָס זאָל ער טיאין, לאַכטיקע?

שעלובסקיס יינגל האָט מען אָפּט געזען שטיין אויף די טרעפּן אין בלויזן העמד. די מוטער — אַ פאַרשעמטע — פלעגט אים אַרײַנשלעפּן אין שטוב. נאָך אַ ווײַלע איז ער ווידער געווען אינדרויסן און געלאָפן איבער די שטיגן.

שעלובסקיס שכן איז געווען יאַנקל ראָזען, — אַן אַלמן מיט דרײַ טעכטער. די ניי־מאַשינען האָבן דאָ געקלאַפּט אַ גאַנצן טאָג. רעב יאַנקל, אַ ייִד מיט אַ פעך־שוואַרצער באָרד און מיט פאַרדבקעטע אויגן איז געזעסן בײַ אַ גמרא, געדרימלט, געלערנט צו ביסלעך

אָדער פאַרזאָרגט זײַן עלצטע טאָכטער, זאָשיאַ, מיט קלייניקייטן: געטראָגן אירע פאַנטאָפל צום שוסטער, איינגעקויפט שפּײַז, אָדער פאַרשאַפט איר אַ פּוילישע צייטונג. זאָשיאַ, אַ בלאָנדע, מיט אַ קאָקס פון גילדענע האָר אויפן קאָפּ און אייביקן שמייכל אויף אירע רויטלעכע ליפּעלעך — האָט געפירט אַ מאָדע־סאַלאָן אין צוויי צימערן. זי האָט געהאַט אַ געקליבענע קליענטעל: פרויען פון פאַבריקאַנטן, רײַכע ווײַבלעך פון מאַנופאַקטור־סוחרים. האַרבסט־צײַט פלעגט זי צעשיקן בריוו, אַז זי קומט פון פּאַריז מיט די נייעסטע מאָדעלן.

שוין ווידער געווען אין אויסלאַנד! אָבער אַרויסקריגן פון איר ס׳דירה־געלט איז קריעת ים־סוף! — האָט זיך באַקלאָגט דער באַלעבאָס פון הויז, אברהם זילבער. — זײַ רויִק, זי וועט אין גיכן באַצאָלן — האָט זײַן ווײַב געשמייכלט — זי האָט שוין אַ נײַעם קאָכאַנעק. און זי פאָרט צו אים קיין וואַרשע און נישט קיין פּאַריז!

ראָזענס צווייטע טאָכטער, פעלאַ, אַ נערוועזע, פאַרזעסן מיידל איז געווען אַ לערערין אין אַ „בית־יעקב״ שולע. זי האָט צוגעטראָגן פון אירע שכירות צום דירה־געלט מיט אַ טייל וועקסלען, וואָס זי האָט געקראָגן פאַר איר אַרבעט. איר הויפּט־זאָרג איז געווען די יִינגסטע שוועסטער — רעגינאַ — אַ צאַרטע ברונעטקע מיט אַ פּאָלקע פון שוואַרץ־ברוינלעכע האָר און אַ פּאָר שלאַנקע פיס. רעגינאַ האָט זיך געלערנט אין אַ פּוילישער גימנאַזיע און פעלאַ האָט שטילערהייט געקליבן פאַר איר געלט צו שטודירן אין וואַרשע.

אויפמאָנען ס׳דירה־געלט בײַ די ראָזענס פלעגט זילבער אָפט שיקן זײַן יִינגסטן זון, יעקב. דער בחור האָט זיך געזוימט זייער לאַנג און דער טאַטע האָט זיך געבייזערט: — וואָס זיצסטו דאָרט גאַנצע שעהען?

— רעגינאַ האָט מיך געבעטן כ׳זאָל איר העלפן אויפקלערן אַ שווערע מאַטעמאַטישע אויפגאַבע — האָט זיך גערוויטלט דער גימנאַזיסט.

אין דער לאַנגער אַפּיצינע, אויפן פּאַרטער האָט געוווינט

מרדכי רעזניק, אַ ייִד, אַ יורד, וואָס האָט פאַרלוירן ס׳גאַנצע געלט ביי פאַבריקאַציע. ס׳הויז האָט געפירט זיין טאָכטער, אַן אַלמנה, אַ דיקלעכע פרוי מיט אַ שאַרף צינגל צו לייטן. אַ חוץ איר טאָטן און דער קראַנקער מאַמע האָט זי באַדינט איר שוואָגער מיט דער שוועסטער און צוויי ברידער. אין דער שטוב איז געווען אַ צוזאַמענגעלויף פון שטיקער מעבל געבראַכט פון פאַרשידענע היימען. מאַהאַגאָנווע בעטן פון געוועזענעם גביר האָבן געקוקט פון אויבן אַראָפּ אויף די געפאַרבטע, אייזערנע בעטלעך פון רעזניקס איידעם. רויטלעכע, גרויסע שענק מיט געשניצטע זיילכלעך אין די זייטן האָבן מיט פאַראַכטונג געבלישטשעט אַקעגן אָפּגעדראַפּעטע אַלמערלעך און קבצנישע שטולן מיט געבלימלטע אַנלענס. אַן אייז־קאַסטן אָן אייז, באַשטעלט מיט אַנגעשפּאַלטענעם גלאָזוואַרג און זילבערנע בעכערלעך איז געשטאַנען אַנגעבלאָזן לעבן אַ פאַרהויקערט נאַכטטישל אָן אַ פוס.

די מענטשן אין דער שטוב האָבן גערעדט שטיל, ווי זיי וואָלטן מורא געהאַט עמעצן אויפצוּוועקן. אַ שטייענדיקער זייגער האָט געטיקעט אין ווינקל פון עסצימער, פאַרגעלטע פאָרטרעטן פון באָבעס אין טיפע קופּקעס און זיידעס אין הויכע קאַפּלעך און אַלטפרענקישע מלבושים האָבן אַראָפּגעקוקט פון די ווענט.

רעזניקס עלטערער זון, חיים און דער גימנאַזיסט יעקב זענען געווען פריינד. זיי האָבן געטוישט צווישן זיך ביכער און אַן אַ שיעור דיסקוטירט וועגן לעבן און סאָציאַלע פּראָבלעמען. חיים, מיט עטלעכע יאָר עלטער פון זילבערס זון, איז געווען אַן עלקעטראָ־טעכניקער, אָבער זיך ווייניק פאַרנומען מיט זיין פאַך. ער פלעגט פאַרפאַלן ווערן אויף גאַנצע טעג און אויף אַלע פראַגן ענטפערן, ער זוכט אַרבעט. יעקבס טאַטע איז איינמאָל אַריין אין צימער, ווו די צוויי בחורים האָבן געפירט אַ היציקן וויכּוח און זילבער איז אַרויס ווי אַן אָפּגעבריטער.

— דבורה — האָט ער אַ צעקאָכטער אַ זאָג געטאָן — רעזניקס זון געפעלט מיר נישט! ער דערמאָנט מיר די אַמאָליקע „אחדות״־

יונגען... יעדעס צווייטע וואָרט, וואָס כ׳האָב געהערט פון אים איז געווען: דער פּראָלעטאַריאַט! דער פּראָלעטאַריאַט!

אין דער גרויסער אָפּיצינע אויפן דריטן שטאָק האָט פאַרנומען אַ וווינונג פון צוויי צימערלעך לעווין — אַ שיקלדיקער און אַ שטאַמלער. וואָס ער האָט נישט דערעדט מיטן מויל, האָט ער דערשאָקלט מיט דער גאָמבע. מיט דינעברילעכלעך אין בלייענע רעמלעך אויף דער קליינער נאָז, איז ער גאַנצע טעג געשטאַנען אין איינער פון די הילצערנע קאַמערן וואָס זענען געווען אויפן הויף. ביי אַ קליין עלעקטריש לעמפּל, וואָס איז געהאַנגען איבער זיין קאָפּ, האָט ער געגראַבלט אין אָפּפאַל, סאָרטירט שמאַטעס. די צעריסענע שטיקלעך זייד, ברעקלעך צעדרילוועטן קאַמגאַרן, פּיצלעך פון גלאַטיקן שעוויאָט און וויגאָניע פלעגט ער גלייך דערטאַפּן מיט זיינע פּילבאַרע פינגער און וואַרפן אין מיילער פון די צעעפנטע זעקלער. לעווין איז געווען אַ באַהאַלטענער כּעסן. אַריינפאַלנדיק אומגעריכט אין צאָרן האָט ער קיינעם נישט געשאַנעוועט. נישט זיין ווייב, וואָס האָט געפאָדערט פון אים געלט אויף שיכלעך אָדער מלבושים פאַר די קינדער און נישט זילבערס זון, וואָס האָט געבעטן ביי אים דירה־געלט.

אמת זאָגנדיק האָט יעקב יעדעס מאָל געפּילט אַ ביטערניש אין מויל, ווען דער טאַטע האָט אים געשיקט צום „שמאַטשיאַזש״.

זילבער פלעגט וואַרפן אַ בליק אויף זיין זון און זיך צעלאַכן: — אָט האָסטו אַ ווייכע מירל!

אויפן ערשטן שטאָק פון דער לאַנגער אָפּיצינע האָט געוווינט דער זאָקן־פאַבריקאַנט שמואל מיאָדאָווניק, וואָס איז געקומען קיין לאָדזש פון יאַנווו־פּאָדלאַסקי. זיין געמיטלעכקייט האָט אים פאַרשאַפן אַ סך פריינד צווישן די שכנים פון הויז. ער איז גרייט געווען זיך שטענדיק אָפּצושטעלן, ווען עמעץ האָט אים פאַרהאַלטן, אַפילו דאַן ווען ר׳איז געווען אויפן וועג צום געשעפט. ער האָט אויסגעהערט יענעמס צרות און פּראָבלעמען, געגעבן אַן עצה, אָפּטמאָל אַרויסגעהאָלפן מיט אַ הלוואה. זיין פּנים מיט קנייטשן אַרום דעם מויל און לענגלעכע פאַלדן אין די זייטן האָט געטראָגן

סימנים פון טיפע איבערלעבענישן. אָפטמאָל האָט מען געהאַט דעם איינדרוק, אַז ער איז ווײַט פון לאָדזשער הו־האַ און ער בענקט נאָך זײַן שטעטל בײַם בוג. זײַן פרוי סאָניאַ, אַ קינדערלאָזע, איז געווען פול מיט לעבן און שפּראָצנדיקער ענערגיע. זי האָט שטענדיק געזוכט נײַע מענטשן און זאַכן. אירע קליידער און די היטן האָט זי אָפט געטוישט עטלעכע מאָל אין פאַרלויף פון טאָג. אין מיאַדאָוניקס שטוב איז געווען אַן אָפטער אַרײַנגייער אַ דיקלעכער יונגערמאַן מיט רונדיקע אויגן, ווי בײַ אַ קראָליק און פּײַכטע ליפּן ווי ער וואָלט ערשט אָפּגעגעסן אַ פעטע מאָלצייט. מען האָט אים אָפט געזען אין דער געזעלשאַפט פון מיאַדאָוניקן און זײַן פרוי. ווען דער מאַן איז געווען פאַרנומען אין געשעפט האָט דער יונגערמאַן באַגלייט סאָניען אויף אַ שפּאַציר אָדער אין טעאַטער.

אין איינעם אַ טאָג האָט זילבער געשיקט זיין זון צו מיאַדאָוניקן:

— זאָג אים, כ׳וואָלט אים געוואָלט זען וועגן אַ וויכטיקן ענין!

דער זאָקן־פאַבריקאַנט איז נישט געווען אין שטוב. ס׳האָט יעקבן אויפגענומען זײַן פרוי. געבעטן זיצן און פאַרפירט מיט אים אַ לאַנגן שמועס. אירע אויגן האָבן געהאַט אַ מאָדנעם בליאַסק און איר געזיכט האָט זיך געטוישט לויט די ווערטער, וואָס זי האָט באַנוצט. אָט איז זי געווען אַ נאַיִווו מיידל, דאַן אַ יונגע פרוי, וואָס האָט זיך ליב צו ווײַלן, גלײַך נאָכדעם אַ קלוגע פריינדין, וואָס גיט עצות. זי האָט אַרויפגעלייגט איר האַנט אויף זײַן אָרעם: — אַ יונגער מענטש, ווי איר, מוז זיך היטן — האָט זי זיך צעשמייכלט.

יעקב האָט דערפילט אַ פאַרכאַפּנדיקע היץ, וואָס האָט געשלאָגן פון איר און געריסן אים מיט אַ מאַגנעטישער געוואַלט צו איר לײַב. ער האָט זיך אויפגעהויבן מיט די לעצטע כּוחות און אַרויס פון שטוב. — ס׳ערשטע מאָל אין מײַן לעבן... — האָט ער געמורמלט צו זיך — ס׳ערשטע מאָל... כ׳מוז אַרויפגיין צו רעגינען — איז פלוצים אים אַדורך אַ געדאַנק. — — —

ס׳איז געווען פרײַטיק צו נאַכטס. דער ריח פון געפילטע פיש

און געוואַקסטע פּאָדלאָגעס האָט זיך געטראָגן איבער רעזניקס שטוב. די ליכט פון די זילבערנע לײַכטער האָבן געטריפט, באַדעקט מיט הייסן וואַקס די געגראַווירטע טרויבן און לייבישע לאַפּעס. רעזניק האָט געשפּאַנט איבערן צימער אַהין און צוריק אין דער שבתדיקער ייביצע, ברומענדיק שלום עליכם, מלאכי השרת. פּלוצים האָט ער דערהערט אַ האַסטיק קלאַפּן אין דער טיר. ער האָט געעפנט און אַ כאָפּטע גויים איז אַרײַן אין שטוב. זיי האָבן זיך נאָכגעפּרעגט אויף חיימען און גלײַך גענומען איבערקערן די בעטן, זוכן אין די שענקעס, אין די שענק, צווישן ספרים און ביכער: געהייסן אַראָפּנעמען די לײַכטער, צערוקט דעם טיש, געקלאַפּט אין די ווענט, איבערגעקערט די שטולן, גענישטערט אין די געזעסן. דער אַלטער טאַטע צוזאַמען מיט די בני־בית זענען געשטאַנען ציטערנדיקע און בלייכע און זיך צוגעקוקט צו דער אומגעריכטער רעוויזיע.

איינער פון די גויים, אַ יונגער שגץ, האָט גענומען אויספרעגן רעזניקן וועגן די געהיימע פאַרזאַמלונגען אָדער צונויפטרעפן, אין וועלכע דער זון נעמט אָנטייל, וועגן די אַדרעסן פון חיימס פרײַנד.

— פון וואַנען זאָל איך וויסן — האָט דער פאָטער געהויבן מיט די אַקסלען — כ׳בין אַ מעקלער פון מאַנופאַקטור און גאַנצע טעג לויף איך אַרום צו פאַרדינען אויף חיונה.

— אַזוי, ביסטו גאָר גאָט די נשמה שולדיק, אַן אומשולדיק לעמעלע, אַזוי ווי אַלע זשידקעס, וואָס ווילן אומברענגען פּוילן — האָט זיך בײַסיק צעהירזשעט דער געהיים־אַגענט — זײַ רויִק, מיר וועלן שוין דײַן תכשיט געפינען. מיר וועלן נעמען אים אויפן צימבל און אַלץ פון אים אַרויסקריגן!

די ידיעה וועגן דער רעוויזיע האָט זיך גלײַך פאַרשפּרייט אין דער גאַנצער קאַמעניצע. פראַנצישעק, דער סטרוזש איז אַרויף צום ווירט מיט דעם נייעס.

זילבער, זײַן פרוי, דער זון און די קעכין האָבן אויסגעהערט דעם וועכטער און געשאָקלט מיט די קעפּ.

כ'האָב געוווּסט, אַז ער איז נישט קיין לײַט! — האָט געשעפּטשעט זילבער.

— אַן אומגליק פאַר דער גאַנצער משפּחה, אײַן וואָרעס אומגליק — האָט דיווירטין באַדויערט די רעזניקס.

יעקב איז געשטאַנען אַ צערודערטער, ווײַס ווי קאַלך. ער איז גיך אַרײַן אין זײַן צימער. אײַנגעהאָרכט זיך צי קיינער גייט אים נישט נאָך, געעפנט די טירלעך פון דער ספרים־ און ביכער־שאַנק און זיי גלײַך פאַרהאַקט.

— נישט איצט! נישט איצט! — האָט ער גערעדט צו זיך.

ער איז אַרויס פון דער שטוב. אַרײַן צום שכן בערקאָוויטש, געפרעגט אויף חנהן.

— ווער ווייסט דאָס ווען זי קומט? — האָבן זיך צעשריען אירע צוויי ברידער, פאַרשמאַדערטע קינדער, וואָס האָבן אַרויס־געגעסן פון אַ טעפּל בולבעס אין שאָלן.

פון זייער טאָטן מעבל בערקאָוויטש האָט זילבער געהאָט אויסצושטיין גרויסע צרות. אַ הויכער, אַ דאַרער מיט אַ לאַנגער, צעפּלאָשעטער באָרד, פלעגט מעבל טראָגן אַן אַטלאַסענע קאַפּאָטע שבת און יום־טוב און אַרומגיין אָפּגעריסן און אָפּגעשליסן אַ גאַנצע וואָך. ער איז געווען אַן אלמן, געהאַנדלט מיט אָפּפאַל פון סחורות און געהאָט דעם סקלאַד בײַ זיך אין דער שטוב. אין צימער, וועמענס דיל איז געווען געמאַלעוועט מיט בלומען און די ווענט מיט אַ טייערער אייל־פאַרב, האָט ער אַריינגעשטעלט אַ שאַמאָט קיכל, אויסלייג־בעטלער און זעקלעך מיט קאָלירטע שמאַטעס. פון דער אַמאָליקער עלעגאַנטער שטוב איז געוואָרן אַ הקדש און אברהם זילבער האָט זיך געריסן די האָר פון קאָפּ:

— געוואַלד, צו וואָס האָב איך דעם נבלה אַריינגעלאָזט אין מײַן הויז?

— ער האָט דיר באַצאָלט פריעראויס פאַר אַ האַלב יאָר — יאָ — האָסטו געזען אַז ער איז נישט ראָטשילד און דער ייִד דאַרף פרנסה, איז אַליין ווי אַ קאָלעק —האָט דבורה פאַרטיידיקט בערקאָוויטשן.

מעכל פלעגט זיך אַרײַנכאַפּן צו דער ווירטין אין שטוב פון צײַט צו צײַט, טועם זײַן אַ ביסל זופּ אָדער טרינקען טיי און פאַרבײַסן מיט קיכלעך. זײַן טאָכטער חנה, וואָס האָט געדאַרפט פירן ס׳הויז און צוגרייטן ס׳עסן, פלעגט שפּעט אַהיימקומען. זי האָט זיך געלערנט און אויך געהאַט פּריוואַטע לעקציעס. אַ שיקלדיק מיידל, אין זיבעטן קלאַס פון גימנאַזיע, האָט זי אויסגעמיטן די בליקן פון די שכנים און געמאַכט שטענדיק אַן איינדרוק, ווי ז׳וואָלט זיך געשאַרט בײַ די ווענט. שטעטס באַלאָדנט מיט ביכער, ציכטיק אָנגעטאָן, מיט אַ ווײַסן שרונט אין דער מיט און קעקסעלעך בײַביידע זײַטן — איז זי געווען שטיל, האַלב שעמעוודיק, האַלב בייזלעך. מ׳האָט געפילט, אַז זי שעמט זיך מיט איר טאַטן, מיט זײַן הולך און מיט דער גאַנצער שטוב. דאָס באַלעבאַטישקייט איז איר געווען דערווידער און זי פלעגט אָפּט ענטפערן איר טאַטן מיט כּעס. מעכל האָט זיך נישט גענומען צום האַרצן אירע רייד. געווען פון צײַט צו צײַט בײַם „ברודיקן שמול״, געבראַכט אַהיים אַ געבראָטן גענדזל און צעטיילט עס צווישן די בני־בית. אָדער געקויפט אַן עוף, אַליין עס אָפּגעצופּט און צוגעשטעלט קאָכן. דער ייִד, שטענדיק אַן אויפגעלייגטער, האָט אויפגערעגט זילבערן:

— וואָס איז די שמחה? אַ שוטה, אַ בהמה!

שפּעט אין אָוונט האָט יעקב אָפּגעוואַרט חנהן פאַרן טויער פון דער קאַמעניצע.

— הער מיך אויס — האָט ער שטיל גערעדט — מ׳זוכט חיימען, מ׳איז היינט באַפאַלן זײַן הויז.

זי האָט אַ ציטער געטאָן און גלײַך געכאַפּט זיך צו גיין צוריק:

— כ׳מוז שוין מעלדן וועגן דעם, וווּ מ׳דאַרף.

— וואָס וועסטו טאָן מיטן פּעקל, וואָס חיים האָט דיר געגעבן? — האָט דער בחור זי פאַרהאַלטן.

— זײַ רויִק — אַלץ וועט זײַן אין אָרדענונג — האָט זי שנעל אַ פליסטער געטאָן.

ווען יעקב איז צוריק אַרײַן אין זײַן שטוב, איז גראָד אַרויס פון זילבערס וווינונג מיאַדאָווניק, מיט וועלכן דער ווירט האָט

געהאַט אַ לענגערן שמועס. דערזעענדיק דעם לאַקאַטאָר האָט דער בחור אים העפלעך באַגריסט און גלייך זיך דערמאָנט אָן זיין פרוי, סאָניאַ. אַ וואַרעמע ווילד־טרוימערישע כוואַליע איז אַדורך יעקבס ווערן:

— אַ, כ׳וועל זי נאָך זען, כ׳מוז זי נאָך זען...

ביז שפּעט בײַ נאַכט, ליגנדיק אויפן געלעגער, האָט אברהם זילבער איינגעטענהט מיט זײַן ווײַב:

— כ׳האָב מורא, אַז מײַן בכור מנשה פּאַרדרייט זיך דעם קאָפּ מיט גאָלע פאַנטאַזיעס. ר׳וויל קויפן אַ זאָקן־פאַבריק. פאַר וועמענס געלט? געננוג, אַז ער איז אונטער זיך אין זיין מאַנופאַקטור־געשעפט, פאַלט אים איין, ר׳וועט ליקווידירן זײַן קראָם און קויפן אַ זאָקן־פאַבריק, נעמען זיך צו אַן ענין, וואָס ער קען אינגאַנצן נישט. מיאָדאָווניק האָט מיר ערשט געעפנט די אויגן... מ׳מוז זײַן אַ פאַכמאַן! די צרה מיט מײַן בכור און זײַן ווײַבל איז אַז ביידע האָבן שיטערע פינגער. מ׳מוז דאָס וווינען אין פיר צימערן און אַ קוך אויף דער פיטעריקאָווער גאַס? און זומער פאָרן אין אַ פענסיאָנאַט מיטן קינד נאָך קאָלומנע? מ׳מוז דאָס אויסגעבן אויף קליידער, שמאַכטעס און אויף פוטערס? מ׳מוז האַלטן די בעסטע משרתים? איך האָב געשפּאָרט אַ גראָשן צו אַ גראָשן, געלעגן יאָרן מיט צוויי קינדער אין אַ צימער מיט אַ קוך ביז כ׳בין געקומען צו געלט. וואָס איז דער מער הײַנט מיט די יונגע מענטשן? מ׳האָט גרויסע אויגן אויף מײַן כאַלופּע? און אויף וועמען פאַרלאָזט מען זיך? אויפן אַלטן טאַטן, וואָס איז נאָך אַלץ שולדיק געלט?

— הלוואי וואָלסטו מיך געפאָלגט און אויפגעגעבן דײַן געשעפט מיט פינעף יאָר צוריק און נישט מיט צוויי יאָר. וואָלסטו הײַנט נישט געווען שולדיק דעם ליכוויאַזש שעלובסקי 20 טויזנט זלאָטעס — האָט דבורה איבערגעריסן אים די רייד.

— וואָס איז געווען איז געווען... פינף טויזנט האָב איך דאָך שוין באַצאָלט, ס׳וועט נעמען אַ שטיקל צײַט און כ׳וועל אַרויס פון שעלובסקיס הענט... ס׳באַפאַלט מיך אָבער אַ פחד, כ׳זאָל נישט דאַרפן צו לײַען געלט פאַר מײַן בנאָק... דאַן וועט זײַן ביטער!

פאַרטאָן אין געשפּרעך האָבן די עלטערן נישט געהערט, ווי עמעץ פּאָרעט זיך שטילערהייט בײַ דער פראָנט־טיר. יעקב האָט געעפנט דעם שלאָס, צוגעמאַכט די טיר און אַראָפּ מיט די פינצטערע טרעפּ אויפן הויף. שטייענדיק בײַם אָפּטריט, האָט ער אַרויסגעצויגן פון הינטער זײַן רעקל אַ פלאַך פּעקל און עס אַ וואָרף געטאָן אין אָפּענעם לאָך פון בית־כּסא.

ער האָט נישט געקענט אַנטשלאָפן ווערן.

— כ׳האָב פאַרראַטן מײַן בעסטן פרײַנד! חיים האָט מיר אָנגעזאָגט צו היטן די „ביבולע״ ווי אַן אויג אין קאָפּ און איך, פּחדן, האָב נישט אויסגעהאַלטן דעם עקזאַמען... ווי אַנדערש איז חנה! — — —

אַ פראָנט־וווינונג אויף דעם צווייטן שטאָק האָט פאַרנומען ווייץ — אַ חסידישער ייִד מיט אַ פלאַמענדיקער געלער באָרד, אַ דיקן, געפּאַלדעוועטן קאַרק און אַ פּאָר קורצע פיס. זײַן פרוי אַ בלייכע אויסגעצערטע ייִדענע מיט אַ פּאָר פענסניי־ברילן אויף דער דאַרער נאָז, האָט געהאַט אַ שוואַכע, פּישטשענדיקע שטימע, וואָס האָט זיך אָפט געטראָגן פון פענצטער צום הויף: — אסתרשי, אסתרשי!

אַ לונגען־קראַנקע, האָט זי שוין באַגראָבן צוויי יונגע קינדער. זי האָט געציטערט איבער די פאַרבליבענע דרײַ און געשטאָפּט זיי מיטן בעסטן, וואָס זי האָט פאַרמאָגט. די פרוי האָט אַרויסגעהאָלפן איר מאַן אין דער בויד, אין דאַבריניצקיס האַלע, ווו זיי האָבן פאַרקויפט רעשטלעך פון ווײַסוואַרג. אָפט האָט ווייץ פאַרהערט גמרא זײַנע צוויי ייִנגלעך און נישט געזשאַלעוועט זיי דערבײַ קיין קלעפּ. ס׳עלטסטע ייִנגל — אַ זאַהיקע — פלעגט שטעטס קריגן די גרעסטע פּאָרציע. ערשט די פרוי, אַ צעשראָקענע האָט פּרובירט אים באַרויִקן: — לענדערשי, גענוג שוין, גענוג, ווי לאַנג איז דער שיעור?

ס׳איז געווען שבת. ווייץ האָט געזונגען זמירות, באַגלייט פון די צוויי זין. די באַסאָווע שטימע פון טאַטן, באַגלייט פון צוויי ייִנגלישע סאָפּראַנאָס, האָט געהילכט פון די אָפענע פענצטער,

געציטערט מיט פריידיקן בטחון, געשוווּמען איבערן הויף, אָנגעפולט די קאַמעניצע מיט דערהויבענער שלוה. עולם, וואָס איז געזעסן בײַם עסן, האָט זיך איינגעהערט אין ניגון, וואָס האָט זיך צעגאָסן איבער די גלידער מיט אַן אויסטערלישער מתיקות.

די זון האָט נאָך נישט דערגרייכט דעם הויף און די ערשטע שטראַלן, ווי פאַרפּאַסטנס האָבן זיך צעלייגט איבערן דאַך פון דער קאַמעניצע, אַ שפּיגל זיך געטון פון צײַט צו צײַט אין די קילע שויבן פון די אָפענע פענצטער און זיך אַרײַנגעשלײַכט צוזאַמען מיט די זמירות אין די שטובן.

# דער אויטאָמאַט

לעמל האָט געהאַלטן בײַם פֿאַרצייכענען ס'געלט, וואָס ר'האָט געזאַמלט דעם לעצטן אָוונט, ווען ער האָט באַמערקט, אַז די בלײַ האָט נישט מער קיין שפּיץ.

ער האָט גענומען פֿאַרשניצן ס'האָלץ און דערזען אויפֿן שפּיץ פֿאַרשידענע פֿייגעלעך, מענטשעלעך, חיהלעך און שלענגעלעך. ער האָט אַ כאַפּ געטאָן די שטיקלעך באַרנבוים־האָלץ, וואָס זענען געלעגן אין ווינקל פֿון צימער און, מיט אַ שמייכל אויף די ליפּן, גענומען שניצן אַ קליינעם האָז.

ער האָט גראָד געהאַלטן בײַם אויספֿאַרמען אַן אויערל, ווען עמעץ איז אַרײַן אין דער שטוב. לעמל האָט דערהערט אַ טרוקן ציילן, ווי פֿון אַן אַלטן קאַסירער אין אַ באַנק: — 3000, 4000, 5000...

דער שניצער האָט אויפֿגעהויבן זײַן רונדיק, תּמימותדיק פּנים און שנעל אַ פֿרעג געטאָן: — ווער זייט איר?

— 6000, 7000, 8000 — זענען געפֿאַלן ציפֿערן פֿונעם גאַסטס מויל, ווי קוילן פֿון אַן אויטאָמאַטישער ביקס.

לעמל, אַ דערשטוינטער, האָט באַמערקט די געלבלעכע אויגן־דעקלעך פֿונעם פֿרעמדן, וואָס זענען געווען פֿאַרשלאָסן ווי בײַ אַ חסיד, וואָס פֿאַלט אַרײַן אין התלהבות.

דער שניצער האָט געוואָלט עפּעס זאָגן, אָבער די געשטאַלט איז פֿאַרשוווּנדן הינטער דער טיר. צו לעמלס אויערן איז דערגאַנגען אַן אויסטערלישער קלאַנג, ווי דאָס קלאַפּן פֿון סקעלעטס פּיס.

דער שניצער איז אַרויס פֿון צימער. ער איז אַראָפּ מיט איין שטאָק נידעריקער. ס'איז געווען דער צוואַנציקסטער שטאָק פֿון דער ריזיקער געביידע. אויף דער טיר איז געווען אַ ווײַס פּלעטל מיט שוואַרצע אותיות: קוני — דער הויזן־זאַמלער.

ר׳איז אַרײַן. בײַם שרײַבטיש איז געזעסן אַן אײנגעהויקערטע געשטאַלט.

אײדער לעמל האָט נאָך געעפנט ס׳מויל, האָט דער מאַן, נישט אויפהײבנדיק די אויגן, אַ פרעג געטאָן:

— וויפל פאָר הויזן און וואָהין?

— אַנטשולדיקט — האָט דער שניצער אומדרײַסט אַ זאָג געטאָן — כ׳בין זײער איבערגעשראָקן, גיט מיר אײַער האַנט, כ׳וויל זי אָנרירן און רעדן מיט אײַך אַ פּאָר ווערטער. כ׳האָב ערשט דערזען אַ מאָדנע געשטאַלט... עפּעס ווי אַ טויטער פון יענער וועלט....

דער הויזן־זאַמלער האָט אויפגעהויבן אויף לעמלען אַ פּאָר פאַרלאָשענע אויגן און מיט אַ זעלנערישער שטימע באַפוילן:

— גענוג! — ס׳איז בײַ אײַך געוועזן דער אויטאָמאַט נומער אײנס... און איר זײט מסתמא אַ נײַער מענטש.

— כ׳בעט אײַך, ווער איז דער פאַרשוין?

— באַליידיקט נישט קײנעם. ער איז די רעכטע האַנט פון דעם מענעדזשער פון דעם 23, 22 און 21 שטאָק. דער אויטאָמאַט נומער אײנס וועט בײַ אײַך זײַן יעדן צווייטן טאָג און אויב איר וועט נישט שאַפן גענוג געלט — יעדן טאָג; איצט גייט! כ׳מוז אַרויסשיקן 20 טויזנט פּאָר הויזן קײן טאַנגאַנייקאַ — צו די שוואַרצע, מ׳דאַרף זײ באַקליידן!

לעמל איז אַרויף צו זיך אין צימער. ער איז שוין נישט געווען בכּוח צו שניצן. ר׳האָט פאַרצייכנט דעם סכום געלט, וואָס ר׳האָט געזאַמלט לעצטן אָוונט און געזעסן אַ פאַרדאַגהטער.

— געוואַלד געשריִען — ווידער נישט געטראָפן! — ער האָט געמיינט, אַז דאָ אין דער גרויסער אינסטיטוציע „סומך נופלים ומלביש ערומים" וועט ער געפינען רו, אָבער איצט האָט ער דערזען זײַן טעות.

ערשט מיט אַ וואָך צוריק איז ער געווען אַן אויפזער אויף דער באַנוולפלאַנטאַציע נישט ווײַט פון טשאַטאַניקאַ. בײַטאָג נישט

געהאַט קיין צײַט צו שניצן, בײַנאַכט האָבן זײַנע קינדער געליאַרעמט און זײַן ווײַב זיך געבייזערט: ער ברענגט נישט געגנוג אויף חיונה.

איצט איז ער געקומען אין דער שטאָט לאַמאַגאַ, וואָס איז אין דרום פון די פאַראייניקטע שטאַטן. ער האָט זײַן אָפּיס אויפן 21 שטאָק פון דער 50 גאָרנדיקער געביידע און אַלץ האָט אויסגעזען אַזוי גוט און שיין. קוים זיך אַרײַנגעקראָגן אין דער פײַנער אינסטיטוציע דורך דעם גרויסן פילאַנטראָפּ, יאָקנעהוז, פון אַטלאַנטאַ, וועמען ער האָט צוגעשיקט אַ קאָלעקציע פון בערעלעך און לייבעלעך.

— וואָס ווײַטער, לעמל? — האָט ער אין פאַרצווייפלונג — גערעדט צו זיך.

דער אָוונט איז שנעל צוגעפאַלן און דער שניצער איז אַרויס אין גאַס מיט אַ גרויסער טאָרבע איבערן אַקסל. געקלאַפּט אין די טירן פון רײַכע הענדלער פון צוקער, רײַז און באַוול, געזאַמלט טשעקס און מזומן.

צומאָרגנס איז ער אַרײַן צו קוני.

— ליבער מיסטער קוני, שענקט מיר אַ פּאָר מינוט...

— געגנוג! וואָס איז אײַער אמתע פּראָפעסיע?

— אַ שניצער — האָט שעמעוודיק אַרויסגערעדט לעמל.

— גייט גלײַך אַרויף אויפן 45סטן שטאָק. אונדזער דאָקטער וועט אײַך געבן „שאָקטריטמענטס"־באַהאַנדלונג און איר וועט גלײַך פאַרגעסן אַלע נאַרישקייטן. זייט שטאָלץ, איר זייט איינער פון 168, וואָס גייען יעדן אָוונט אַרויס צו שאַפן געלט, פּונקט ווי איך בין איינער פון 120, וואָס פאָרן אַרויס מיט אַ לאַסט־אויטאָ צו זאַמלען מלבושים. געגנוג, כ'דאַרף אַרויסשיקן 10.000 הויזן צו די נעוואַדאַ־אינדיאַנער, וואָס געפינען זיך אין אַ רעזערוואַציע!

— קוני, מיסטער קוני — אַ פּאָר ווערטער וועגן אויטאָמאַט...

דער הויזן־זאַמלער האָט אָנגעשטעלט זײַנע פאַרלאָשענע אויגן אויפן איבערגעשראָקענעם געלט־שאַפער: — וואָס איז מיט אײַך? אין צוואַנציק יאָר אַרום וועט איר זײַן ווי ער. איך וואַרט שוין אומגעדולדיק אויף דער צײַט. „דער אויטאָמאַט קריגט דעם העכסטן

געהאַלט נאָכן גרויסן באַלעבאָס״, זײַן משפּחה באָדט זיך אין גאָלד און ער אַליין — דאַרף שוין נישט און קען נישט טראַכטן פֿון גאָרנישט אַ חוץ ציפֿערן. זײַן אינגעווייד איז אויסגעטריקנט. עס אַרבעט בלויז בײַ אים אין מוח דער צענטער פֿון רעכענען, קאָמבינאַציע און קאַלקולאַציע. דער נערוון־קאָמפּלעקס געפֿינט זיך אין אייבערשטן טייל פֿון קאָפּ, אין דער גרויער מאַסע פֿון מוח.

דער אויטאָמאַט איז דער פֿײַנסטער אויסדרוק פֿון אונדזער ציוויליזאַציע און ער איז דאָס גליקלעכסטע באַשעפֿעניש אויף דער וועלט: ער האָט נישט קיין דאגות, קיין שרעק, קיין אַמביציעס...

— און אַ חוץ אים — מײַן ליבער קוני — אויסער אים — האָט לעמל געפֿרעגט, ווי אין אַ הינער־פּלעט, — זענען נישטאָ קיין מענטשן ?... ריכטיקע מענטשן, ווי איר און איך ?

— דאָ זענען דאָ נאָר האַלבע אויטאָמאַטן און צען אויטאָמאַטן, וואָס פֿאַרנעמען דעם 49סטן שטאָק פֿון דעם בנין... יאָ, אַ־יאָ, ס׳איז דאָ איין מענטש... ער איז דער וועבסטער פֿון דער אידעאָלאָגישער דעקלאַראַציע, וואָס איז געשאַפֿן געוואָרן הונדערט יאָר צוריק בײַם לייגן דעם יסוד פֿון דער אינסטיטוציע. דער וועבסטער היט אָפּ דעם מיקראָפֿילם פֿון דער דעקלאַראַציע אין אַ גאָלדענעם שקעטעלע. ער גייט פֿון צײַט צו צײַט איבער די דרײַהונדערט צימערן פֿון אונדזער הויז און רופֿט און דערמאָנט נישט צו פֿאַרגעסן דעם טיפֿן זין פֿון אונדזער אַרבעט, אָבער קיינער האָט נישט קיין צײַט זיך צוהערן צום אים... און איצט מײַן ליבער פֿרײַנד, באַליידיקט מיך נישט, איך בין שוין נישט מער קיין מענטש, איך בין, ברוך השם, שוין אַ האַלבער אויטאָמאַט.

— איין מינוט, מיסטער קוני דערציילט מיר מער וועגן דעם וועבסטער...

— יאָ, ער שרײַט אָפּט מיט באַנומענע קולות, אָבער ס׳העלפֿט אים נישט. ער פֿאַרברענגט טעג און נעכט בײַ זיך אין צימער און זוכט אַ וועג אַרײַנצודרינגען אין אונדזער וועלט. אָפּט זעט מען אים זיצן אויפֿן העכסטן שטאָק בײַ אַ ליכטל און זאָגן: איכה ישבה בדד. איצט גייט! גייט שוין אַרויס! — —

ווען לעמל איז אַרײַן אין צימער האָט דער טעלעפאָן זיך צעקלונגען. אַ רויִקע אָבער באַפעלערישע שטימע האָט דורכגעדרונגען דעם שניצערס אויער:

— מיסטער לעמל, איר צעטאַכלעוועט אײַער צײַט אויף אומזיניקע געשפּרעכן. מיר בעטן אײַך צו קאָנצענטרירן אויף ציפערן. דאָ רעדט אײַער מענעדזשער, לואיס האָניג. דער שפּיגל אין מײַן צימער האָט מיר געוויזן אײַך זיצן בײַם מיסטער קוני. —

דער שניצער האָט אָוועקגעלייגט דאָס טרייבל און אַ הייסער שווייס האָט באַגאָסן זײַן לײַב. ווי פון זיך אַליין, האָט זיך אויפגעוועקט אין זײַנע אויערן דאָס אומעטיקע געזאַנג פון די נעגערס אויף דער באַנוול־פּלאַנטאַציע. דאָס ליד איז אים געוואָרן איצט זייער נאָענט און ער האָט גענומען עס איבערברומען מיט זײַן מויל. אַ מינוט האָט ער געפּילט, ווי צו אַנטלויפן צוריק, ווו ער איז געווען פריִער. ער האָט דערזען, אַז דער וועג איז פאַרשלאָסן פאַר אים אויף אייביק.

— אוי, צו וואָס בין איך אַ מענטש? צו וואָס דאָס לויפן אַהין און צוריק, יעדעס באַשעפעניש האָט פיר אומזעבאַרע ווענט, וואָס האַלטן אים ווי אין אַ שטײַג.

לעמל האָט זיך אײַנגעקוקט אין די שטיקלעך באַרנבוים־האָלץ און ניסהאָלץ, וואָס זענען געלעגן אין ווינקל פון צימער. ער איז צו צו זיי און אַ קאָפּע געטאָן די העלצער מיט אַ זאַטיקער בייזקייט. גלײַך אָבער האָט ער זיך אײַנגעבויגן און גענומען זיי גלעטן ווי געטרײַע הינטעלעך.

ווען ער האָט זיך אויסגעגלײַכט האָט ער דערפילט עמעצן שטיין הינטער זײַן פּלייצע. ער האָט דערזען אַ פּאָר גרינע אויגן, וועלכע האָבן אים דורכגעדרונגען ביזן ביין, ווי די שטראַלן פון אַ רענטגען־אַפּאַראַט.

— 10.000, 20.000, 30.000.

דער שניצער האָט זיך אַראָפּגעלאָזט אין זײַן שטול, ווי אַ געליימטער. זײַנע אויערן האָבן געהערט, ווי פון אַ גרויסער ווײַט: — 40.000, 50.000 60.000...

צומאָרגנס האָט מען לעמלען גערופן צום דאָקטער. מיט אַ שמייכל האָט ער דעם שניצער אַרײַנגעזעצט אין אַ טונקעלן אַפּאַראַט מיט צענדליקער דראָטן, וועלכע ער האָט אָנגעהאָפטן צו לעמלס מוח. לעמל איז צוריקגעקומען אין זײַן אָפיס האַלב־טויט, האַלב לעבעדיק. אין זײַנע אויערן האָבן געקלונגען די ווערטער: — איר וועט נעמען עטלעכע „טריטמענטס״־באַהאַנדלונגען און איר וועט זיין „אָ־קיי״!

ער האָט צומאָרגנס אַרויסגעשיקט זײַן פּרוי דעם גרעסטן טייל פון זײַן וועכנטלעכן געהאַלט און דערפילט אין זיך איר פרייד. ער האָט זיך באַמיט צו דערמאָנען די פּנימלעך פון זײַן קליינוואַרג — צעשטראַלטע פון די אַלע גוטע זאַכן, וואָס די מוטער וועט פאַר זיי אײַנקויפן — און געוואָרן האָפערדיקער. אַרויסגייענדיק אָבער בײַנאַכט צו דער אַרבעט, האָט ער זיך דערפילט שוואַך און קראַנק און געוואָלט, וואָס שנעלער זיך אַוועקלייגן און אָפּרוען. ווען ער איז צומאָרגנס געזעסן בײַ זיך אין צימער, האָט זיך ווידער אין אים צעקלונגען דאָס אומעטיקע ליד פון די נעגערס. ער האָט אַ כאַפּ געטאָן אַ שטיק האָלץ און גענומען שניצן אַ געזיכט מיט ברייטע ליפּן און אַרויסגעשטאַרצטן קין. אונטער זײַן פלינקער האַנט זענען אויפגעשווומען טרויעריקע אויגן פול מיט פאַרבאָרגענע טרערן.

די טיר האָט זיך ברייט צעעפנט און די שטײַפע געשטאַלט איז אַרײַן אין אָפיס:

— 10.000, 20.000, 30.000...

לעמל האָט אַ כאַפּ געטאָן דעם אויטאָמאַט בײַם גאָרגל און גענומען אים ווערגן.

— אַ טויט דיר, מאָנסטער!

דער שניצער האָט דערפילט ווי ער זינקט אין אַ תהום, פאַלט טיפער און טיפער. ער האָט אַרויסגעלאָזט אַ ווילדן געשריי און איז אַראָפּ פון זינען.

## די זילבערנע שבת־לײַכטער

יעדעס מאָל ווען מײַנע יהודית פלעגט זיך גרייטן מקבל שבת זײַן און אָנצינדן די ליכטלעך אין די אויסגעשקראַבעטע קאַרטאָפּלעס, איז אין איר אויפגעגאַנגען דאָס בילד פון די זילבערנע לײַכטער, וואָס ליגן באַגראָבן אויפן בוידעם פון איר הויז, אויסער דער געטאָ. און ווען זי פלעגט מיט אַ ציטערדיקער האַנט אָנצינדן די דינע געטאָ־ליכטלעך און בענטשן די צאַנקענדיקע פײַערלעך, האָבן פון אירע מילדע אויגן געגומען טריפן טרערן איבער אירע אײַנגעפאַלענע באַקן. אַ קלייניקייט! אירע זילבערנע שבת־לײַכטער, געגראַווירט מיט אַדערדיקע בלעטלעך, שטענגלעך טרויבן, זילבערנע געטאַקטע מײַלער, וועלכע האָבן געלעכצט נאָך די גרויסע ליכט, ווי געוואַרט אויף דער הייליקער מצווה. לײַכטער, געשאָנקען צו דער חתונה פון איר מאַמען ע״ה, געטראָגן מיט ביינערדיקע הענט, אונטערגעטראָגן מיט ברכות אויף די ליפּן: טאָכטערשי, אַ ליכטיק לעבן זאָלסטו האָבן, דו, דײַנע קינדער און קינדס־קינדער!

בײַם שײַן פון די זילבערנע לײַכטער פלעגן זיך מאַן און ווײַב דאָס אייניצקע מאָל צעקושן אין אָנוועזנהייט פון די קינדער ערב יום כפור נאָך דער סעודה, ווען דער מאַן מיט די זין זענען שוין גרייט געווען צו גיין אין שול.

זילבערנע לײַכטער... די פרײַטיק צונאַכטן נאָכן עסן, ווען דער מאַן האָט ליב געהאַט צו קוקן אין די שמעלצנדיקע ליכט און דערציילן זײַנע פריידן און זאָרגן פון דער גאַנצער וואָך. די דינסט פלעגט אַרײַנטראָגן טיי אין הויכע גלעזער און שכנים און קרובים זענען געקומען ווינטשן אַ גוטן שבת. דעם גאַנצן שבת זענען זיי געשטאַנען אויפן טיש — די לײַכטער — זיי האָבן געבלאַנקט מיט זייער זילבערנער גראַציע, ווי יונגע, רײַכע מיידלעך.

איצט ליגן זיי באַגראָבן אונטער דעם דיל אויפן בוידעם פון דעם גרויסן מויער צוזאַמען מיטן בשמים־ביקסל, מיטן זילבערנעם באַשטעק, מיט טײַערע כּלים און כּוסות און נאָך אַנדערע קאָסטבאַרע חפצים. און זי, די רײַכע באַלעבאָסטע, ליגט דאָ אין געטאָ אין אַ פּײַכטן שטיבל, בײַ אַ צעבראָכענעם, אײַזערנעם קאַנאַנדל, בײַ אַ ליימיקן שאַמאָטקיכל, באַדעקט מיט כּמעט ליידיקע טעפּ. ליגט און פאַסט תעניתים. וועט אַמאָל עמעץ נאָך בענטשן ליכט אין די זילבערנע לײַכטער?

מינע יהודית טרייסט איר זון וועלכער וווינט צוזאַמען מיט איר אין געטאָ: — דעם זומער קומט די ישועה, דער דײַטש האָלט שוין שמאָל... זי פאַרוויגט זיך מיט פאַלשע ווערטער און בשעת מעשה דערציילט זי אים אַ נײַע געשיכטע פון אירע אבות, גרויסע רביים און צדיקים, וואָס דאַרפן זיך מיִען פאַר איר און אירע אויסגעצערטלטע קינדער. די מעשה מיטן לאַדזשער רב, וואָס האָט מיט יאָרן צוריק אין אַ פרײַטיק־צו־נאַכט געהייסן די רביצין אָנצינדן די ליכט אין בולבעס, ווײַל ער האָט אָוועקגעשאָנקען זײַנע זילבערנע לײַכטער צו אַ פאַרוויינטער יִדענע, אַ מאַמע פון אַן אָרעמער כּלה...

און דאָ האָט מינע יהודית אַ טיפן זיפץ געטאָן: — הלוואי וואָלט איך מײַנע זילבערנע לײַכטער מיטגענומען...

דער זון פלעגט אַ גלעט טאָן איר אָדערדיקע, אויסגעטריקנטע האַנט: — מאַמע, מיר וועלן אינגיכן צוריקגיין אַהיים און אַלץ אויסגראָבן, זיי רוּיִק.

— אויב איך וועל נישט דערלעבן, זאָלסטו כאָטש האָבן די זכיה, — האָבן די בלוילעכע פרויען־ליפּן געפּליסטערט.

די לאַגע אין געטאָ איז געוואָרן ערגער. מען האָט גענומען אַרויסשיקן קינדער און אַלטע לײַט. די מאַמע איז געוואָרן שוואַכער. די פיס האָבן גענומען אָנשווילן און געגלאַנצט מיט אַ מאָדנעם בלוילעך־רויטלעכן שײַן. די ליכטיקע, גוטע אויגן זענען אײַנגעפאַלן אין די אויגן־לעכער, דער קאָפּ מיט די גרויע האָר איז געלעגן אומבאַוועגלעך אויף די טוכלע גרויסע קישנס. די מאַמע פלעגט זיך

אויפהייבן, אונטערגעשפּאַרט פון זון, מיטאָג־צײַט, און פּרובירן זופּן די וואַסערדיקע קאַרטאָפלאַנקע. מיינסטס אָבער האָט זי געדרימלט. פּאַר אירע אויגן זענען געלאָפן בילדער פון שבתים פון דער נאָענטסטער פאַרגאַנגענהייט און זילבערנע לײַכטער אויף ווײַס־געדעקטע טישן זענען געשטאַנען אָן ליכט, פאַריתומטע.

פון אונטער דעם זונס הענט האָבן די דײַטשישע מערדער אַרויסגעריסן די האַלב־טויטע מאַמע. ער איז געבליבן אַליין און געוואַרט אויף אַ גיכן טויט.

ער איז דורך אַ מאָדנעם צופאַל געבליבן לעבן. עס איז געקומען דער סוף פון קריג און ער איז אַרויס פון געטאָ.

זײַנע אַפּאַטישע פיס זענען געשוווּמען איבער נישט באַגראָבענע מתים און האָבן זיך געפּלאָנטערט צווישן יובלדיקע חילים. ער איז אַרײַן אין זײַן מאַמעס הויז: די גרויסע געבײַדע איז געשטאַנען, ווי קיין זאַך וואָלט גאָרניט פּאַסירט. דאָס טויער און דער הויף — שמוציק, באַדעקט מיט פערדישע צואות. ער איז אַרויף אויפן בוידעם און גענומען רײַסן מיט אַ געפונענעם אײַזן דאָס באַהעלטע־ניש בײַם וואַסער־רעזערוואַר. ער האָט אויפגעבראָכן די עטלעכע ברעטער און אַ שטויביקע פּוסטקייט האָט אַ שלאָג געטאָן אין זײַן פּנים. — מ׳האָט אַלץ צוגענומען, אויסראַבירט...

ער איז פאַרבײַגעלאָפן דעם סטרוזש, וואָס איז געשטאַנען בײַם טויער און אַרויס אויף דער גאַס.

— מאַמע, דײַנע זילבערנע לײַכטער זענען נישטאָ, זייער ליכט וועט שוין קיינמאָל מער נישט אויפשײַנען..

# די שולד

ס'איז געפאַלן אַ מוטנער, קאַלטער רעגן, באַנעצט די מלבושים, באַשפּריצט די פּנימער.

— ווי אַזוי גייען דאָס אַלע אַוועק פון סעמען און לאָזן אים איבער איינעם אַליין?

די פראַגע האָט אַ בליץ געטאָן אין מײַן מוח, ווען כ'בין אַרײַן אין איינעם פון די וואַרטנדיקע אויטאָס פון די מלוים, וואָס האָבן געאײַלט אין דער שטאָט אַרײַן. כ'האָב באַוויזן צו וואַרפן דעם לעצטן בליק אויפן בערגל, וואָס איז פּאַקטיש געווען דער קאַסטן מיטן טויטן, באַדעקט מיט אַ גרינער פּלאַטע. כ'האָב נאָך דערזען דעם ראַבײַ, וואָס איז געשטאַנען בײַם אָפענעם גרוב און געאײַלט די פּאַרטאַריקאַנער אַרבעטער צו פאַרענדיקן די קבורה.

דער אויטאָ האָט מיט אַ זשומען זיך אַ ריס געטאָן פון אָרט. די מענטשן אין דער פּאַרמאַכטער מאַשין האָבן הויך גערעדט, ווי זיי וואָלטן געוואָלט פאַרגלושען זייערע געדאַנקען.

ס'איז מיר אַלץ אויסגעקומען ווילד און פרעמד.

— הערט אויך סעם דעם גערויש פון די אויטאָס, וואָס אַנטלויפן פון אים צוזאַמען מיט זײַן משפחה און פרײַנד? אָט ביסטו ערשט געווען און מיטאַמאָל איז אַלץ פאַרשוווּנדן ווי אַ חלום; דײַן גוטמוטיקער שמייכל, דער פאַרטראַכטער בליק פון דײַנע אויגן און דאָס געזיכט, וואָס האָט אימפּולסיוו רעאַגירט אויף יעדער זאַך.

אַ ביטערער אומרו האָט מיך דורכגענומען.

עס זענען אויפגעגאַנגען אין מײַן זכּרון די ערשטע חדשים, וואָס כ'האָב פאַרבראַכט אין סעמס הויז. ווען סעם, דער קוזין פון מײַן פרוי, האָט זיך דערוווּסט, אַז מיר זענען פאַרבליבן לעבן,

האָט ער אַרויסגעשיקט וויזעס קיין דײַטשלאַנד, ווו מיר זענען געזעסן אין לאַנדסבערגער לאַגער.

אונדזער שמחה איז געווען אָין לשער: מיר פאָרן אין „גאָלדענעם לאַנד", ווו מיר וועלן זײַן צווישן קרובים.

אמת, די פּאַפּירן, וואָס מיר האָבן געקראָגן, זענען געווען וויזעס קיין פּאַנאַמאַ, אָבער אויף זייער סמך האָבן מיר באַקומען דורכפאָר־דערלויבענישן דורך די פאַראייניקטע שטאַטן

מיר זענען געווען זיכער, סעם וועט שוין זען מיר זאָלן קענען בלײַבן אין ניו־יאָרק.

קומענדיק אויפן אָרט האָבן מיר דערזען דעם טרויעריקן אמת; סעמס אַדוואָקאַט האָט נישט געקענט לעגאַליזירן אונדזער פאַרבלײַבן אין די שטאַטן. און די צײַט איז געלאָפן.

מיר האָבן געציטערט בײַ יעדן אויפקלאַנג פון עלעקטרישן גלעקל, יעדן אומגעריכטן קלאַפּ אין דער טיר.

— מ׳גייט אונדז דעפּאָרטירן!

די גליִענדיקע טעג און פאַרנע נעכט פון פּאַנאַמאַ האָבן זיך געטראָגן צו אונדז פון ווײַטן, דערנענטערט צו דער טיר פון אונדזער ברוקלינער שטוב מיט גיכע טריט.

— פירט דער וועג פון געטאָ, דורך בערגן־בעלזן קיין פּאַנאַמאַ?

אײַנגעקאָרטשעטע און פאַרכמורעטע זענען מיר געזעסן אין סעמס שטוב. אַמעריקע האָט פאַרלוירן פאַר אונדז דעם צויבער. דאָס בילד פון דער נײַער וועלט איז געוואָרן אײַנגעשרומפּן אין אונדזערע אויגן צו אַ זײַטיק געסל אין ברוקלין. עס האָבן זיך אָפּגערופן בײַ מײַן פרוי די ווייטיקן פון גאַל־שטיינער, אַ ירושה פון די לאַגער־טעג. אין פּײַן זענען וואָכן אַדורך. די מורא פאַר אַן אומגעריכטער קאָנטראָלע פון „אימיגראַנטן־דעפּאַרטאַמענט" האָט אָפּגענומען בײַ אונדז דעם אָטעם.

נישט קענענדיק אײַנזיצן אין שטוב, האָבן מיר גענומען וואַנדערן דורך די ברוקלינער גאַסן. מיר האָבן זיך געשלעפּט פאַרבײַ די

רווישיקע קליידער־געשעפטן, גלאַנציקע שוי־פענצטער, קילע קינאָ־אַרײַנגענג, רויטלעך באַשײַנטע באַרן מיט טעלעוויזיע־אווידיציעס.

— ווען וועלן מיר שוין אָנהייבן לעבן? — האָט געפרעגט מײַן פרוי. מיר פלעגן זיך צושפּאַרן אויף די סקווער־בענק און גאַפן אויף די צעשפּילטע קינדער.

אויסמײַדנדיק צו קוקן אויף זיך, זענען מיר געזעסן שטומע, אײַנגעקנוילטע — צוויי געיאָגטע הינט.

סעם פלעגט אונדז ביידע באַגעגענען אין אָוונט מיט אַ שמייכל:

— האָ, איר שפּאַצירט? איר לעבט אַ חזירשן טאָג!

ער האָט געלאַכט פון אונדזער איבערגעטריבענער מורא, געשאָקלט מיטן קאָפּ:

— מע כאַפּט דאָ נישט, מע זעצט נישט, ס'איז אַמעריקע, אַ פרײַ לאַנד! און דער נײַער אַדוואָקאַט, וועלכן מיר האָבן געקראָגן, וועט שוין אַלץ דערליידיקן! נישט געזאָרגט!

מיר האָבן אַלע געגעסן אָוונט־ברויט בײַם טיש אין דער קיך. סעמס פרוי, סוזן האָט דערלאַנגט דאָס עסן מיט אַ שמייכלדיק אָנגעשטרענגט פּנים. פּאַטרישיאַ, די בת יחידה, האָט געגעסן איינע אַליין אין איר צימער. סעמען האָט געערגערט פּאַטרישיאַס אויפפירונג און נישט איינמאָל האָט ער געהאַט טענות צו זײַן פרוי, פאַרוואָס זי לויפט מיט די טעלער אין צווייטן צימער. סוזן האָט געפינטלט נערוועז מיט די אויגן און געהאַט פאַרשידענע תּירוצים.

בײַם טיש האָט מען געשמועסט וועגן די פעטערס און מומעס, וואָס האָבן געוווינט אין שטעטל און אויך וועגן די קרובים אין לאָדזש. סוזן האָט אָפט איבערגעריסן, פרעגנדיק מיך און מײַן פרוי:

— אפשר נאָך אַ זופּ אָדער קאָמפּאָט?

מיר פלעגן אָפּזאָגן מיט אַ דאַנק, כאָטש מיר וואָלטן געקענט אַרײַנרײַבן מער ווי אַ טאָפּלטע פּאָרציע.

נישט איינמאָל האָט סעמס פרוי אונדז דערמאָנט:

— אויב איר זײַט הונגעריק, מאַכט אויף דעם עלעקטרישן אײַז־קאַסטן און נעמט, וואָס איר ווילט.

מיר האָבן קיינמאָל נישט אויסגענוצט איר אָנבאָט. פון איר גוטסקייט האָט געווייעט אַ מאָדנע קילקייט. מיר האָבן נאָך דאַן נישט פאַרנומען, אַז דאָס איז די קאָרעקטע, אַמעריקאַנער העפלעכקייט.

ביַי נאַכט זענען מיר געווען הונגעריק ווי די וועלף. ס'איז געשען אונדז אַ נס, וואָס קומענדיק אין לאַנד האָט סעם מיר אַריַינגעשטופּט אין טאַש אַ גרעסערע סומע געלט:

— וועסט מיר אָפּגעבן, ווען דו וועסט אָנהייבן אַרבעטן!

פאַרן געלט האָבן מיר געקויפט יעדן אָוונט אַ ברייטל און באַהאַלטענערהייט געקנײַפּט פון געבעקס, ליגנדיק אין בעט. דאָס ברויט האָט געהאַט טעם גן־עדן.

ס'איז געווען אונדזער ברויט, און דער עיקר, קיינער האָט אונדז נישט געקוקט אין מויל אַריַין ביַים עסן.

ווען מיר זענען געזעסן אין אָוונט ביַים טיש, האָט סעם אָפט אַריַינגעצויגן סוזן אין געשפּרעך. זי האָט פאַרשטאַנען ייִדיש, נאָר די שווערע ווערטער האָט ער איר איבערגעזעצט אויף ענגליש. און נישט איינמאָל האָט זי אים קאָרעגירט זיַין ענגליש. זי האָט אַרויס־געבראַכט די ווערטער מיט אַ מין פּיַיפּן דורך די ציין און קלאַפּן מיט דער צונג. ס'איז אין דעם געווען די העכערקייט פון אַ פּראָפעסאָר לגבי אומוויסנדיקע תלמידים און אויך אַ הנאה פון אַ מענטש, וואָס איז באַהאַוונט אין אַ זייער וויכטיקן ענין.

סעם פלעגט פאַררייכערן אַ פּאַפּיראָס נאָכן עסן. די אויגן ביַי אים האָבן זיך גענומען קלעפּן און אַ פּאָר מינוט שפּעטער האָט ער שוין געכראָפּעט אויף דער סאָפע אין צווייטן צימער. ער האָט אַזוי אָפּגעכראָפּעט עטלעכע שעה.

די ערשטע צײַט האָבן מיר זיך געוווּנדערט: — ווי קען אַ מענטש צוויי מאָל גיין שלאָפן? אָבער שפּעטער האָבן מיר זיך צוגעוווינט צו זיַין כראָפּען און געגאַנגען אויף די שפּיץ פינגער.

מאָנטיק און דאָנערשטיק האָט סוזן געשפּילט אין די אָוונטן קאָרטן „מאַאַזשאָנג" מיט אַ חברה פרויען. נאָכדעם, ווי סעם פלעגט זיך אויפוועקן פון זיַין שווערן דרעמל, זענען מיר געזעסן

מיט אים צוזאַמען און אויסגעהערט זײַנע דערמאָנונגען פון די יונגע יאָרן.

— אָ, זי איז געווען אַ שיינהייט סוזן. מיט אירע פלאַקסענע האָר, בלויע אויגן און פלינקע יאָדערדיקע פיס, האָט זי מיר דערמאָנט די שיקסעס פון מײַן שטעטל. אירע עלטערן זענען פרי געשטאָרבן און אירע פאַרהייראַטע ברידער האָבן געוואָלט וואָס שנעלער זי חתונה מאַכן: ס׳האָט זיך געדרייט אַרום איר אַן איטאַליענער... די ברידער האָבן מיך האָלט געהאַט. כ׳האָב ווי זיי, ליב געהאַט „בייסבאָל״ און פערד־געיעגן. כאָטש כ׳בין געווען אַ גרינער, האָב איך שוין דאַן גוט פאַרדינט, אַלס אַ „קאַטער״־צושניידער. סוזנ׳ס ברידער האָבן געאַרבעט מעשים, ס׳זאָל ווערן פון שידוך.

מײַנע שוועסטערן האָבן געוויינט אין טאָג פון דער חתונה, ווי כ׳וואָלט געגאַנגען צו דער תליה.

ער האָט זיך צעלאַכט.

— כ׳וועל פאַרבלײַבן דער זעלבער שמולעק, אײַער ברודער — האָב איך זיי פאַרזיכערט — מאַכט זיך נישט נאַריש!

אַ ווײַלע האָט ער זיך פאַרטראַכט.

— זיי קומען צו אונדז, כ׳גיי אָפט צו זיי... אָבער יעדעס מאָל, ווען כ׳זע זיי, דאַכט זיך מיר כ׳הער זייער העשען... כ׳בין געווען זייער אַפּוטרופּוס פון קינדהייט אָן. די עלטערן זענען געשטאָרבן ווען שרהטשע איז געווען אַכט יאָר אַלט און בלימעלע — נײַן. אַלס אַ דרײַצניעריקער בחור האָב איך שוין געמוזט זאָרגן זיי זאָלן האָבן ברויט צו דער זעט. ס׳איז געווען די צײַט פון דער ערשטער וועלט־מלחמה. די דײַטשן זענען אַרײַן אין שטעטל און איך האָב דאָס פאַרקויפט די זעלנער פּאַפּיראָסן אָנגעשטאָפּט מיט אַ ביסל מאַכאָרקע און אַ סך צעריבענע, געלע בלעטער. ס׳געשעפט איז גאַנץ גוט געגאַנגען, ביז אַ סאָלדאַט האָט מיך געכאַפּט בײַ דער האַנט. ר׳האָט מיר צעשניטן די באַק מיט אַ מעסער. אָט האָב איך נאָך דעם צייכן אויף מײַן פּנים. די מלחמה האָט זיך געענדיקט. כ׳האָב גענומען שמוגלען. ס׳שטעטל איז געלעגן בײַ דער גרענעץ.

כ׳בין געלאָפן בײַ נאַכט דורך זומפּן און וואַלדיקע וועגן. טראָגנדיק מאַכאָרקע אָדער סחורות. נישט איינמאָל האָט מען מיך געכאַפּט און געשלאָגן ביז בלוט.

כ׳האָב דערזען אַז מײַן לעבן איז נישט ווערט קיין גראָשן און כ׳וועל מיאוס ענדיקן.

— שמולעק — האָב איך גערעדט צו זיך — מוזסט אַוועק פון שטעטל.

דאָס פאָרן קיין אַמעריקע איז מיר אָנגעקומען מיט דער גרינער גאַל. די קרובים אין לאָדזש, די פעטערס, האָבן זיך נישט געכאַפּט פאַר די בײַטלען צו דערלאַנגען מיר די ממתקים.

— כ׳וועל אײַך ברענגען די יתומים אין שטוב אַרײַן — האָב איך גענומען געוואַלדעווען — אויב איר גיט מיר נישט ס׳געלט צו פאָרן!

זיי האָבן דערזען פאַר זיך אַ ווילן יונג און זיך דערשראָקן און געעפנט די בײַטלען.

די שענסטע מתנה האָט מיר דערלאַנגט דער פעטער ברוך: — אַ מאַנטל! כ׳האָב שוין לאַנג נישט געהאַט אויף זיך אַזאַ מלבוש.

סעם איז אַנטשוויגן געוואָרן.

— מײַן שטעטל — האָט ער גענומען דערציילן — שטייט מיר נאָך הײַנט פאַר די אויגן... דער מאַרק מיט די געוועלבער, די אַפּטייק און דאָס הויז פון ר׳ איטשען — דעם גביר... דאָס שמאָלע געסל מיט אונדזער אײַנגעבויגן הײַזל, ווו זומער זענען מיר אָפּט פאַרפלייצט געוואָרן פון רעגן און ווינטער האָבן מיר געציטערט פון קעלט... אַ שטעטל, ווו די מיידלעך האָבן געוואַרט אויף חתנים און די בחורים האָבן זיך אַרומגעדרייט פּוסט און פּאַסט...

גאָט צו דאַנקען, מײַנע שוועסטערן האָבן דאָ חתונה געהאַט, געטראָפן פײַנע מענער און האָבן שוין דערוואַקסענע קינדער און איך בין „אָ־קיי".

אין מיטן פון זײַנע רייד פלעגט נישט איינמאָל אַרײַנפאַלן

סעמ׳ס טאָכטער, פּאַטרישיאַ. אַ פּאָר הויכע, דאַרע פּיס האָבן אַרויסגעקוקט פון הינטער דעם אויסגעוואַקסענעם קליידל. צוויי אומרויִקע שוואַרצע אויגן און ווײַסן רונדיקן פּנימל האָבן זיך אַ גליטש געטאָן איבער אונדזערע פּנימער און גלײַך באַפאַלן דעם טאַטן.

— דעדי, כ׳דאַרף געלט!

סעם האָט איר געגעבן אַ קוש.

— און אַז כ׳האָב נישט? — האָט ער זיך צעלאַכט און געעפנט דעם טײַסטער.

ס׳מיידל האָט גיך אַרויסגעצויגן אַ 20 דאָלאַרדיקן באַנקנאָט, אַ קוש געגעבן דעם טאַטן און פאַרשוווּנדן.

פּאַטרישיאַ האָט אונדז אויסגעמיטן. אין די ערשטע טעג פון אונדזער קומען האָט זי געפּרוּווט אונדז לערנען ענגליש. מיר האָבן זיך באַמיט צופרידנצושטעלן די יונגע לערערין. אָבער ווען זי האָט זיך געפּלייסט צו ווײַזן די אויסשפּראַך פון וואָרט „דהענק־יו״ און צום צענטן מאָל געמלאַסקעט מיט דער צונג אויפן גומען — האָבן מיר שוין נישט געקענט אויסהאַלטן און אַרויסגעפּלאַצט מיט אַ הילכיק לאַכן און ס׳מיידל איז אַנטלאָפן מיט אַ געוויין.

יעדן שבת פלעגט זיך סעם אַריבערכאַפּן אין זײַן שאָפּ.

— כ׳מוז צוגרייטן אַלץ פאַר די אַרבעטאַרינס! די באַשטעלונגען מוז מען אַרויסשיקן אין צײַט, אויב נישט פאַרליר איך ס׳„הויז״ — די קאָמפּאַניע, פאַר וועלכער איך אַרבעט.

כ׳בין עטלעכע מאָל געווען בײַ סעמען, אין מיטן דער וואָך, אין זײַן שאָפּ, כ׳האָב געזען, ווי ר׳איז געלאָפן צווישן די אַרבעטאַרינס, די איטאַליענערינס און פּאָרטאָריקאַנערינס און שרײַענדיק צו זיי, באַמיט זיך איבערהילכן דעם געקלאַפּ פון די ניי־מאַשינען. ער האָט געגעבן אַ גאָב די „פּאָרליידי״, וואָס האָט עפּעס פאַרזען און גלײַך נאָכדעם געוואָלדעוועט אויף אַ פּרעסער, וואָס האָט פאַר־סמאַליעט די זוים פון אַ קלייד.

דער טעלעפאָן האָט אָפט געקלונגען און סעם פלעגט צושפּרינגען אַ פאַרסאַפּעטער און מיט אָפּגעריסענע ווערטער

פּאַרזיכערן עמעצן, אַז די באַשטעלונג וועט זײַן פּאַרטיק אין צײַט. באַלד נאָכדעם האָט ער געגעבן אין טאַטן אַרײַן אַ שאָפער פון אַ לאַסט־אויטאָ, וואָס האָט געוואָרפן, ר׳קומט שפּעטער, ווי ר׳האָט צוגעזאָגט...

ענדלעך האָט זיך סעם אָוועקגעזעצט, אַ פּאַרשוויצטער, אַקעגנאיבער מיר בײַ אַ פּאַרשטויבטן טיש, פול מיט רעכנונגען און בוכהאַלטעריע־ביכער. אויף זײַן פּנים איז אַרויס אַ צופרידענער שמייכל:

— נו, וואָס זאָגסטו צו דעם יאַרמאַרק?

ס׳איז מיר אַדורך אַ געדאַנק: דאָ זיצט פאַר מיר דער אמתער סעם, באַפרײַט פון דער אַרויפגעצוווּנגענער ראָלע, וואָס ער שפּילט אין דער היים. אין זײַן הויז באַמיט ער זיך צו דערגרייכן צו דעם אידעאַל וואָס זײַן פרוי וויל: „צו זײַן אַן אַמעריקאַנער ,באָי׳ פון די ,באָיס׳ ״.

כ׳האָב זיך דערמאָנט, ווי ער פאַרט דאָס אַרויס צוזאַמען מיט סוזן, פון צײַט צו צײַט, סוף וואָך אין די בערג.

— ס׳מוז זײַן שיין אין דעם האָטעל — האָב איך איינמאָל אים פאַרטשעפּעט.

— אָ, יאָ, — האָט ער אַ קוק געטאָן אין דער זײַט, ווי ר׳וואָלט געוואָלט אויסמײַדן מײַן בליק — די לופט דאָרט איז גוט, מחיה נפשות און ס׳ווילט זיך זייער רוען... אָבער מ׳לאָזט נישט, דער אָרקעסטער קלאַפּט און מ׳שלעפּט דיך טאַנצן, כאָטש דו שטייסט קוים אויף די פיס...

ר׳האָט זיך צעלאַכט מיט אַ סאַרקאַסטישן כיכען, וואָס קלינגט מיר נאָך איצט אין די אויערן.

אין איינעם אַן אָוונט, זיצנדיק בײַם עסן, האָט סעם גענומען מיט מיר לערנען הילכות אַמעריקע.

— וועסט זיך אײַנאָרדענען, מוזסטו אַרויסנעמען אַ לעבנס־פאַרזיכערונג־פּאָליס... דאַרפסט פאַרזאָרגן דײַן פרוי אויב דו שטאַרבסט. איך האָב אַ פּאָליס אויף 25 טויזנט דאָלאַרן, אָבער מײַן פרוי וועט ס׳געלט נישט קריגן מיטאַמאָל, ווײַל ס׳קען זיך נאָך

פּאַיאָוועןאַ שאַרלאַטאַן און מיט שיינע ווערטלעך פון ליבע אַרויס־מאַניען פון איר די אַפּותיקי. דערפאַר האָב איך געהייסן אין דער פּאָליס אַריינשרייבן אַ ספּעציעלן פּאַראַגראַף: נאָכדעם, ווי כ׳וועל אויסציִען די קאַפּיטעס, קריגט מיין פרוי יעדע וואָך נאָר 50 דאָלאַרן...

סוזן איז האַסטיק אויפגעשטאַנען פון טיש. בלינצלענדיק נערוועז מיט די אויגן, האָט זי אַ פרעג געטאָן:

— סעם, ווילסט נאָך אַ קאָטלעט?

ביי סעמען אין הויז איז געשטאַנען אַ פּאַטעפאָן. אונדזער אומעט און שרעק האָבן מיר פּרובירט פאַרטרייבן מיט שפּילן פּלאַטן פון קלאַסישער מוזיק. מיר זענען גראָד געזעסן פאַרטיפט אין שאָפּענס אַ נאָקטורנאָ, ווען סוזן און פּעטרישיאַ זענען אַריין אין צימער.

— האָט איר נישט געזען בינג קראָסבי׳ס אַ פּלאַטע? — האָט אַ פרעג געטאָן סוזן — איר האָט דאָך נעכטן, דאַכט זיך געשפּילט זיינע לידער?

פון איר בליק איז מיר קאַלט געוואָרן אין די ביינער.

— מיר שפּילן נישט קיין מאָדערנע מוזיק — האָב איך געפּרוווט איר אויפקלערן דעם ענין — נישט איך און נישט מיין פרוי האָבן ליב דעם דזשעז.

איך האָב געזעדט און גלייכצייטיק געטראַכט: גאָט, מיין איינציקער, וואָס האָט דער סעם געוואָלט פון אונדזער לעבן? צו וואָס און צו ווען האָט ער אונדז דאָ געבראַכט?

אומגעריכט איז געקומען די ישועה.

דער נייער אַדוואָקאַט האָט אונדז געלאָזט וויסן, אַז מיר קענען רויִק פאָרן קיין פּאַנאַמאַ. דאָרט וועלן מיר קריגן פון אַמעריקאַנער קאָנסול פּערמאַנענטע וויזעס אין די פאַראייניקטע שטאַטן.

מיט אַ שווער האַרץ האָבן מיר געפּאַקט אונדזערע אָפּ־געטראָגענע וואַליזעס.

— ווער ווייס, צי מיר וועלן קריגן די וויזעס? מיר קענען בלייבן שטעקן אין פּאַנאַמאַ!

סעמס פרוי האָט פון אונדז נישט אַראָפּגעלאָזט קיין אויג. זי איז געשטאַנען און געקוקט. וואָס מיר נעמען מיט. ווען מיר האָבן געענדיקט פּאַקן האָט זי אונדז דערלאַנגט דעם אַלבום מיט די בילדער פון די געטאָס און לאַגערן: ס׳איז געווען אַ מתנה וואָס מיר האָבן געשאָנקען סעמען.

— נעמט עס מיט — האָט סוזן רויִק גערעדט — ס׳איז צו טרויעריק...

זיצנדיק אין עראָפּלאַן, וואָס האָט אונדז געפירט צו דער טראַפּישער מדינה, האָב איך נאָכגעטראַכט וועגן סעמס ווערטער וועלכע ר׳האָט אונדז געזעגנט אויפן לופט־פּלאַץ:

— זײַט רויִק, אויב איר בלײַבט דאָרטן, וועט „האיאַס״ אויך העלפן.

— ס׳איז נאַטירלעך — האָב איך געזאָגט צו זיך, — אַפילו דער בעסטער מענטש ווערט מיד פון האַלטן קרובים אויף קעסט לאַנגע חדשים.

מײַן פרוי האָט געדרעמלט פון מידקייט. כ׳האָב געוואָרפן אויף איר אַ בליק: — נאָר צוליב איר דאַרף איך לעבן, ווײַל איך אַליין בין שוין, פּאַקטיש, אַ האַלב טויטער.

אומפּאַרהאָפּט איז אונדז אַלץ געלונגען. דער קאָנסול האָט אונדז געגעבן די וויזעס. מיר זענען צוריקגעקומען קיין ניו־יאָרק, געדונגען אַ צימער בײַ אַן איינזאַמער פרוי. כ׳האָב געקראָגן אַ שטעלע אַלס אַ פּאַרקויפער אין אַ פּאַפּיר־ און ציגאַרעטן־קראָם.

מיר האָבן אָפּט באַזוכט סעמען. ער איז געזעסן מיט אונדז און געגעבן אונדז עצות, ווי אַזוי צו שפּאָרן געלט און ווו אײַנצוקויפן זאַכן. אַמבעסטן אָבער האָט ער ליב געהאַט צוריקרופן די פאַר־גאַנגענהייט.

— כ׳האָב געחלומט, כ׳וועל אַמאָל צוריקפאָרן קיין לאָדזש און עפענען אַ געשעפט... די לאָדזשער סוחרים, ווי זיי האָבן דאָס געטרויט איינער דעם אַנדערן, געגעבן סחורה אויף וועקסלען, אָדער כמו־וועקסלען, אָדער אויפן וואָרט און דאָ קען מען נישט גלייבן אַפילו מ׳שרײַבט דיר אונטער... מ׳טרעט דאָ איבער מענטשן...

ער האָט נישט דערזאָגט, וואָס ר'מיינט, אָבער כ'האָב דערפילט אַז עפּעס דריקט זײַן געמיט.

ס'איז געווען מוצאי שבת. מיר זענען געזעסן בײַם אָוונט־ברויט צוזאַמען מיט סעמס שוועסטערן און זייערע מענער. (סוזן האָט זיך געפּאָרעט בײַם קרעדענץ) ווען סעם האָט מיט אַ געבייזער אַ פרעג געטאָן: — סוזן, ווי לאַנג דאַרף מען דאָס וואַרטן אויף די מעסער?

כ'האָב זיך איבערגעקוקט מיט מײַן פרוי: דאָס איז געווען ס'ערשטע מאָל, וואָס כ'האָב געהערט סעמען אויפהייבן זײַן שטימע אויף סוזן. אויף אירע באַקן האָבן זיך באַוויזן רויטע פלעקן. סעם האָט געגעסן דעם סטייק מיט אַן אַראָפּגעלאָזטן קאָפּ, שיטנדיק אַ סך זאַלץ אויף דעם פלייש. כ'האָב אים אויפמערקזאַם געמאַכט מ'טאָר נישט צופיל זאַלצן ס'עסן.

— כ'פיל נישט ס'האַרץ — האָט ער אַ וואָרף געטאָן, נישט קוקנדיק אויף מיר.

שפּעט אין אָוונט האָבן מיר פאַרלאָזט דאָס הויז. אויף דער גאַס האָט מיר שרה, סעמס שוועסטער, דערציילט, אַז איר ברודער האָט איצט „ביזנעס"־שוועריקייטן. די קאָמפּאַניע, פאַר וועלכער ער אַרבעט טראָגט זיך איבער קיין ניו־דזשוירזי.

— טאָ וואָס וועט זײַן מיט סעמס שאַפּ? — האָב איך געפרעגט.

— ער וועט זיך אַן עצה געבן! די ערשטע זאַך וואָס ר'דאַרף טאָן, איז פאַרשליסן די קראָם און אַוועקפאָרן זיך אָפּרוען... אַ קלייניקייט! דרײַסיק יאָר האָרעוועט אַ מענטש אָן אַן אָטעם־אָפּכאַפּ... און מײַן לאַכטיקע שוועגערין טשעפּעט דאָס, ווי דער פאַבריקער שניי!

— שרהטשע, שטעק נישט אַרײַן דײַן לאַנגע צונג, וווּ דו דאַרפסט נישט! — האָט איר איבערגעשלאָגן די רייד די צווייטע שוועסטער.

אַ פּאָר וואָכן שפּעטער האָב איך געטראָפן סעמען אין הויז, איינעם אַליין.

— כ׳האָב דיר געשטערט אין שלאָף, סעם?

— כ׳בין נישט שלעפעריק. כ׳טראַכט גראָד, וואָס האָט מיר געקענט שאָטן: כ׳בין, ווי שטענדיק, אַראָפּ מיטאָג־צײַט אין „לאָנטשאָנעט״, געכאַפּט אַ קאַווע מיט אַ שניטקע מיט לאַקס. פּלוצים איז מיר פינצטער געוואָרן פאַר די אויגן און כ׳בין געפאַלן אין חלשות... אָבער וואָס שטייסטו, נעם אַ שטול!

ר׳האָט זיך אויסגעצויגן אויף דער סאָפע מיט אַ פּאַפּיראָס אין מויל. לעבן אים, אויפן טיש, איז דער אַשבעכער געווען פול מיט אַש און ברעקלעך פּאַפּיראָסן.

— דו רייכערסט צופיל, סעם!

— ס׳וועט מיר גאָרנישט שאָטן. ערגער איז מיט די באַשטעלונגען, וואָס כ׳קריג איצט: אַלע קליינע אָרדערס פון פּאַר־שידענע פירמעס. כ׳האָב גאָרניט געוווּסט, ווי ווויל ס׳איז מיר געווען, ווען כ׳האָב געאַרבעט פריִער פאַר מײַן קאָמפּאַניע „גודמאַן און בערג״. זיי זענען אַוועק קיין ניו־דזשוירזי צוליב די גרויסע הוצאות אין ניו־יאָרק.

— און דיך האָבן זיי געלאָזט אויפן וואַסער?

— ביסט זיך טועה! זיי האָבן סוף כל סוף דערזען, אַז זיי באַגייען אַן עוולה לגבי מיר מיט ברעכן דעם קאָנטראַקט און זיי האָבן פאָרגעשלאָגן מיר די שטעלע פון אַ מענעדזשער אין ניו־דזשוירזי... אַ פײַנער פּאָסטן, זייער גוט באַצאָלט... ס׳וואָלט מיר ווויל געווען...

סעם האָט צעקוועטשט דעם אויסגערייכערטן פּאַפּיראָס אין דעם אַשנבעכער.

— מ׳האָט געדאַרפט זיך אַוועקציִען קיין ניו־דזשוירזי און סוזן האָט נישט געוואָלט זיך באַזעצן אין אַזאַ העק... זי האָט ליב ניו־יאָרק...

איצט ערשט האָב איך באַמערקט, אַז קיינער, אַ חוץ סעמען, איז נישט דאָ אין שטוב.

— ווו איז סוזן?

— זי שפּילט היינט „מאַ־דזשאָנג״ און פּאַטרישיאַ איז אַוועק אין קינאָ מיט אַ בחור.

ס׳איז מיר אויסגעקומען אַז דאָס גאַנצע הויז איז פּוסט און פאַרוואָרלאָזט און באַלד וועלן גרויסע שטשורעס אַרויס פון די לעבער און וואַרפן זיך אויף אונדז ביידע.

ס׳איז אַדורך אַ האַלב יאָר כ׳בין אַרײַן אַן געלט אין שותּפות מיט אַן עלטערן ייִד, וואָס האָט געהאַט אַ שפּייז־קרעמל אויף דער „איסט־סייד״. פאַרשקלאָפּט ביז שפּעט אין אָוונט, האָב איך זעלטן געזען סעמען, אָבער אָפּט זיך מיט אים אַדורכגערעדט דורכן טעלעפאָן. ר׳האָט זיך באַקלאָגט אויפן שלעכטן סעזאָן, אויף די אַרבעטער וואָס האַלטן אין איין פאָדערן הוספות, אויף דער הכנסה, וואָס ווערט קלענער. כ׳בין געשטאַנען אין קראָם, ווען מײַן פרוי איז אַרײַן אָן אָטעם: — סעם איז אין שפּיטאָל!

ער איז געלעגן הויך אויף די קישנס. ס׳פּנים ווײַס, ווי עמעץ וואָלט אים פּלוצים איבערגעשראָקן. ר׳האָט געוואָלט מיך עפּעס פרעגן און זיך פאַרהוסט. אָפּגעבראָקעט, האָט ער פּרובירט אַ שמייכל טאָן: וואָס מאַכסטו?

סוזן איז געשטאַנען בײַ אים צוקאָפּנס. סעמס שוועסטערן זענען געזעסן אין ווינקל. ווען מיר זענען אַרויס פון שפּיטאָל איז שרה אַרויס מיט לשון:

— זי לאָזט אים נישט אַראָפּ פון אויג — די ליבע סוזן, זי גייט נישט אַרויס פון צימער. זי האָט מורא, ר׳זאָל אונדז נישט איבערגעבן די שליסלען צום סייף אין דער באַנק... זי איז קאַלט, ווי די עבודה זרה, משה־גרויס, אַ מעצאָצע — אַן אַמעריקאַנערין!

ס׳האָט נישט גענומען לאַנג און סעם איז ווידער געווען אין שאָפּ. כ׳האָב אים געבעטן דורכן טעלעפאָן: — פאָר אַוועק און רו זיך אויס! ר׳האָט מאָדנע אַ לאַך געטאָן: — גרינער, וואָס דו ביסט, די אַרבעטער וועלן זיך צעלויפן. זיי וועלן אַוועק אין אַנדערע שאָפּס!

ס׳איז געווען אַ ווינטער־נאַכט, ווען כ׳בין אַרײַן צו סעמען. ער איז געזעסן אַן איינגעקאָרטשעטער אין אַ וואַרעמען, לאַנגן

שלאָפראָק און אָבסערווירט אויף דער טעלעוויזיע אַ „בייס־באָל״־שפּיל צווישן צוויי מאַנשאַפטן. סעמס געלבלעך פּנים האָט מיך צעטרייסלט. כ׳האָב באַמערקט זײַן נישט זיכערן גאַנג, ווען ר׳האָט זיך אַ לאָז געטאָן צו פאַרמאַכן דעם קאַסטן.

— כ׳בין שוין דעם פערטן טאָג אין דער היים — האָט ער אָפּגעדישעט, ווי נאָך אַ שווערער אַרבעט — כ׳בין קראַנק...

פּאַטרישאַ איז אַרײַן אין צימער. זי איז שיין אויסגעוואַקסן. הויך, מיט ראָזע בעקלעך און אַ שטיפערישן בליק אין די אויגן.

— דעדי, וועסט מיר געבן געלט צו פאָרן קיין מיאַמי־ביטש?

— ניין, מײַן קינד, כ׳האָב נישט — האָט סעם, אַ טרויעריקער, געענטפערט. די טאָכטער איז אַרויס פון צימער, ווי עמעץ וואָלט זי געיאָגט. סעם איז געזעסן און געשוויגן.

— אַז דו האָסט נישט קיין געלט — האָט ער נאָך אַ ווײַלע אַרויסגעשעפּטשעט — ביסטו נישט קיין טאַטע און מ׳קושט דיך נישט... און איז דען איר מאַמע בעסער? מיט אַ צײַט צוריק האָב איך געבעטן סוזן מיך פאַרטרעטן אין שאָפּ... נו, האָט זי געפאָדערט, כ׳זאָל איר צאָלן וועכנטלעך 50 דאָלאַר... און מײַן טאָכטער דאַרף געלט, ווײַל איר בחור, אַ זינגער, טרעט אויף אין איינעם פון די האָטעלן אין מיאַמי־ביטש... פון וואַנען זאָל איך נעמען? כ׳בין קראַנק, כ׳קען נישט שטיין אויף די פיס... כ׳מוז פאַרמאַכן דעם שאָפּ.

ווען כ׳בין אַרויס פון סעמס שטוב, האָט זײַן פרוי מיך באַגלייט צו דער טיר און שפּעטער אַרויס מיט מיר אין פאָדערהויז.

מיט אַ פאַרשטיקטער שטימע האָט זי געהעשעט: — מײַן טײַערער סעם; מײַן איינציקער סעם!

✶

דער אויטאָ, וואָס האָט מיך געפירט אין דער שטאָט אַרײַן, האָט געיאָגט מיט אַ האַסטיקן געקלימפּער.

ווי אויסטערליש, מיר האָבן אים איבערגעלאָזט איינעם אַליין און ווילן אַנטלויפן פון אים וואָס גיכער.

איז ער נישט געווען איינער אַליין בײַ זײַן לעבן?

# אַ שרעק

געטראָפן האָב איך אים אין אַ „באַנגאַלאָ"־קאָלאָניע אין מאָנטיסעלאָ.

כ'האָב אים באַמערקט צווישן דעם עולם פון די נײַגעקומענע, וואָס האָבן פאַרפלייצט דעם פלאַץ אין די בערג מיט הילכיקן גערייד און געלעכטער און נערוועזן געאײַל.

נישט וויסנדיק פאַרוואָס, האָב איך אים זאַטשעפּעט און פאַרפירט אַ שמועס. ער האָט אַ קוק געטאָן אויף מיר מיט אַ פּאָר שוואַרצע אויגן פון הינטער דיקע גלעזער און אויף זײַנע ליפּן האָט זיך באַוויזן אַ שמייכל:

— צי כ'פּאָר אַהער יעדעס יאָר? שוין ס'פינפטע, ברוך השם. כ'האָב ליב די מענטשן און די ביימער... כ'זע זיי איצט שטאַרקער און בעסער, ווי פריִער... גיט אַ קוק אויף די בלעטער: זייער גרינקייט, דורכגעלויכטן מיט זון, דערמאָנט זאַפטיקע טרויבן און די נישט רײַפע עפּל פון עפּל־בוים.. זייער פּערל־מאַטער קאָליר אין דאָך אַ תענוג פאַר די אויגן...

— איר זײַט אַ מאָלער? — האָב איך אים געפרעגט.

— ניין, אָבער כ'באַוווּנדער די פאַרבן: אָט דעם ווײַסן, פאַרבענקטן בלענד פון די הײַזלעך, די אָפּגעסמאַליעטע פּנימער און די צעפּליגלטע רויטקייט און געלקייט פון די שירעמס אַרום דעם „סווימינג־פּול"...

כ'האָב אים געלאָזט רעדן, באַטראַכטנדיק זײַן אַרויסגערוקט, שטאַרק מויל, די שטײַפקייט פון זײַן געזיכט און די אויגן, וואָס פלעגן פון צײַט צו צײַט אויפבליצן און גלײַך זיך לעשן.

ער האָט באַמערקט, אַז כ'אָבסערוויר אים און זיך פאַרהאַלטן:

— וועגן וואָס טראַכט איר? כ'דערמאָן אײַך אַ לעבעדיקן, צי אַ טויטן? אפשר האָט איר ערגעץ־ווו אָנגעטראָפן אויף עמעצן פון

מײַנע קרובים... כ׳הייס שידלאָ, חיים שידלאָ... פון זדונסקאָ־וואָלע...

מיר האָבן זיך צערעדט, אַוועקלאָזנדיק זיך אויף אַ שפּאַציר, אויף אַ זײַטיקן וועג, צווישן טאָפּאָליעס און גרויסע גראַניט־שטיינער.

שידלאָ האָט מיר מיט אַ מאָדנער שמחה אָנגעוויזן אויף די בלוילעך־ברוינע פעלדזן, צעצווײַגטע, שוואַרצע שטאַמען, גרויע ווײַעוויאַרקעס און שפּרינגעוודיקע פייגל.

— דער מענטש פרייט זיך, ווי ער וואָלט ערשט אויפגעשטאַנען פון אַ שווערער, לאַנגער קראַנקייט — האָב איך אומווילק אַ שמייכל געטאָן.

— איר לאַכט פון מיר? — האָט ער עס באַלד באַמערקט.

— ניין — האָב איך זיך פאַרענטפערט — אָבער איר זײַט אַ געניטער באַאָבאַכטער...

— כ׳האָב אַ גוט אויג! — האָט זיך בײַ אים אַרויסגעריסן מיט גרויס צופרידנקייט, גלײַך אָבער האָט ער אַראָפּגעלאָזט אומעטיק דעם קאָפּ, ווי ר׳וואָלט זיך עפּעס דערמאָנט.

מיר האָבן זיך גענומען אָפּט טרעפן, געזעסן אין שאָטן פון ביימער, געפירט דיסקוסיעס, געוואַנדערט אויף דעם שאָסיי צום שטעטל אָדער צו אַ ווײַטער פאַרם.

מיר פלעגן זײַן די ערשטע זיך אײַנצוהערן אין געזאַנג פון די פייגל בײַם זון־אויפגאַנג און צו דערזען די בלויקייט פון די ווײַטע בערג, ווען דער אָוונט האָט גענומען צופאַלן.

שידלאָ האָט אײַנגעזאַפּט אין זיך די שטילע פאַרבן פון באַגינען, פונקט ווי ער פלעגט זיך צוכאַפּן צום שאָטן און שײַן־שפּיל פון די ביימער אין די וועלדלעך. ער האָט אַרײַנגעזויגן אין זיך דעם פיאָלעט פון בין־השמשות, אַזוי ווי ר׳האָט אײַנגעאָטעמט דעם וויכטיקן גאָלד פון די ווייץ־זאַנגען.

— ווי דאָס וואָלט געווען דער ערשטער טאָג פון זײַן לעבן, אָדער גאָר דער לעצטער — האָב איך געטראַכט אין זיך, נישט קענענדיק באַנעמען זײַן אויפפיר.

עס איז געווען שפּעט אין אָוונט. פון דער קאַסינאָ, ווו מענער און פרויען האָבן געשפּילט קאָרטן, האָבן זיך דערטראָגן איינצלנע שטימען, פּלוצימדיקער געלעכטער, ווילערישער געשריי אָדער ווייַט געפּלוידער, ווי דאָס בולבען פון קאַרטאָפל אונטער אַ שטערצל.

שידלאָ איז געזעסן מיט די פּלייצעס צו דער גרויסער לאָמפּ, וואָס האָט באַלויכטן די לאָנקע פאַר דער קאַנטין.

זייַן פּנים איז געווען אין האַלבן שאָטן און אויסגעזען, ווי אַ בלייכע מאַסקע פון אַ באַלזאַמירטער מומיע.

— כ׳וואָלט געוואָלט ס׳זאָל זייַן אייביקער טאָג — האָט ער זיך אָפּגערופן — כ׳קאָן נישט פאַרטראָגן די נאַכט...

כ׳האָב דערשפּירט אין זייַן שטימע אַ פאַרבאָרגענעם פּחד און אינסטינקטיוו אָנגערירט זייַן האַנט, גרייט אים צו העלפן. ר׳האָט זיך איינגעקאָרטשעט און געשוויגן, ווי איינגעהאָרכט אין זייַנע געדאַנקען.

פון דער שכנותדיקער „באַנגאַלאָ״־קאָלאָניע זענען דערגאַנגען טענער פון אַ שפּאַנישער טאַנגאָ. דער פאַרבענקטער ניגון האָט צוגעטריפט אַ שאַרפן אומעט צום איבערפולטן האַרץ און אויפֿ־געלייזט אין מייַן פרייַנד אַ פאַרהוילענעם קוואַל פון פּייַן:

— ס׳האָט זיך אָנגעהויבן מיט פּופצן יאָר צוריק... — האָט ער זיך צוגערוקט צו מיר — ס׳איז געווען נאָך דער מלחמה, וואָס האָט מיר אַרויסגעריסן אַלץ און אַלעמען... כ׳האָב ס׳צווייטע מאָל חתונה געהאַט און אַ יאָר שפּעטער איז געבוירן געוואָרן מייַן דודל...

ר׳איז אַנטשוויגן געוואָרן. די גרילן האָבן געטשירקעט אין גראָז, אַ מיידל האָט זיך צעלאַכט אויף אַ שטילער וועראַנדע, די ביימער האָבן אַרויסגעאָטעמט אַ שווערן, בשמימדיקן ריח.

— כ׳בין אַהיים געגאַנגען פון מייַן אַרבעט דורכן צענטראַל־פּאַרק. ס׳איז געווען זומער, אַ העלער, שיינער טאָג... מיטאַמאָל איז פאַרבייַגעלאָפן מייַנע אויגן אַ קליינער שאָטן, עפּעס ווי אַ דינע וויע... כ׳בין געבליבן שטיין און זיך אַרומגעקוקט... כ׳האָב צוגעמאַכט די אויגן און זיי געעפנט. דער דריבנער שאָטן האָט

זיך פאַרגרעסערט... כ׳האָב גענומען לויפן... אַ טונקעלער, קליינער פלעק איז געלאָפן צוזאַמען מיט מיר...

שידלאָ האָט זיך פאַרהאַלטן. פון קאַסינאָ האָבן זיך אַרויס־געשאָטן די קאָרטן־שפּילערס. אַ טייל איז אַוועק צו די אויטאָס צו פאָרן אין שטעטל, מאַנכע זענען געשטאַנען אין גרופּקעלעך און לאַכנדיק, אַרומגערעדט די פעלערן פון די „פּאָקער״־שפּילערס, אַנדערע האָבן זיך געלאָזט צו די הײַזלעך מיט די באַלויכטענע וועראַנדעס.

— אָט, די ייִדן ווייסן גאָרניט, ווי ווויל זיי איז — האָט שידלאָ אַ שאָקל געטאָן מיטן קאָפּ — אָבער לאָמיר צוריקגיין צו מײַן ענין... כ׳בין אַוועק צו אַן אויגן־דאָקטער. ס׳האָט לאַנג נישט גענומען און ער האָט געפונען אַ רונדיקן, קליינעם פלעק בײַם שוואַרצאַפּל פון רעכטן אויג. ר׳האָט פאַרשריבן טראָפּנס און איך האָב זיך מיט דער צײַט צוגעוווינט צום טונקעלן פּינטעלע, וואָס פליט פאַרבײַ מײַן ראיה בײַ יעדן קער פון אויג.

— אַזוי לאַנג, ווי דער שוואַרצלעכער פלעק פליט, איז גוט — האָט געשמייכלט דער דאָקטער — ערגער איז אויב ער שטעלט זיך אָפּ.

דער אויגן־מומחה — אַ געוועזענער דאָצענט פון וואַרשעווער אוניווערסיטעט — איז געווען אַ שפּאָר ביסל אַלטמאָדיש אין זײַן היילן. ר׳האָט מיר, צום בײַשפּיל, אַחוץ נײַע רפואות, געגעבן אויך יאָד־טראָפּנס. אַלץ אָבער איז געווען אַן אידיליע אין פאַרגלײַך מיט דעם אַלעם, וואָס האָט מיך דערוואַרט... לאָמיר אָבער גיין כּסדר... כ׳בין צומאָל געקומען צו מײַן דאָקטער, וואָס פלעגט קאָרמיען טויבן בײַ זיך אין קאַבינעט. זײַן געלאַסנקייט מיט וועלכער ר׳האָט געוואָרפן די קערנער די פייגל, האָט באַרויִקט מײַן געמיט. די טויבן פלעגן אַריינפליִען דורכן אָפענעם פענצטער. דער אַלטער דאָקטער האָט געקוקט ווי זיי פּיקן אויף די זשאַרנעס:

— ר׳קומט אפשר פון פוילן? — האָט ער געפרעגט די געסט — פאַרבײַגעפלויגן וואַרשע, געזען מײַן הויז?

עטלעכע פּייגל האָבן אויפגעהויבן די קעפּלעך פונעם עסן און איינגעקוקט זיך אינעם רופא מיט שוואַרץ־פּערלדיקע אייגעלעך.

די טויבן זענען אַוועק און דער דאָצענט פלעגט דערציילן מיר פּאַסירונגען פון זיין לעבן אין פּוילן, ווו ר׳האָט געהאַט די ראַנגע פון אַ פּולקאָווניק.

עס זענען אַדורך עטלעכע יאָר. מיין לינק אויג האָט גענומען טרערן. כ׳בין אַוועק צום דאָקטער און ר׳האָט ס׳ערשטע מאָל זינט כ׳האָב אים באַקענט, מיך איבערגעשראָקן. ס׳האָט זיך אים אויסגעדוכט, אַז די ראיה אינעם אויג איז אַ סך שוואַכער געוואָרן. ערשט ווען ר׳האָט פאַרגרעסערט דאָס פּופּילע פונעם אויג, דורך אַריינגיסן טראָפּנס, האָט ער באַמערקט זיין טעות:

— ס׳איז אין אָרדענונג, מוטנע פּליסיקייטן האָבן פאַרשטעלט דעם שוואַרצאַפּל...

כ׳בין געזעסן אויפן שטול, ווען ר׳האָט אונטערזוכט מיינע אויגן און קוקנדיק אויפן דאָצענט, האָב איך אַ זאָג געטאָן:

— דאָקטער, כ׳דאַרף נאָך אַ צען יאָר ביז מיינע קינדער וועלן אויפוואַקסן...

כ׳האָב שוין דאַן געהאַט אַ צווייט קינד.

דער אויגן־ספּעציאַליסט האָט אַ שמייכל געטאָן:

— כ׳פאַרשטיי אייך זייער גוט...

שידלאָ האָט זיך פאַרהאַלטן.

פון דעם שאָסיי איז דערגאַנגען דער גערויש פון אויטאָס, דאָס בילן פון הינט, אַ קינד האָט זיך צעוויינט אין אַ ווייטן „באַנגאַלאָ“.

כ׳האָב געוואָלט עפּעס זאָגן, אָבער מיין פריינד איז מיר פאַרלאָפן דעם וועג:

— כ׳וואָלט אייך וועלן איבערגעבן אַלץ, איינס נאָכן אַנדערן, אָבער ס׳איז מיר שווער — שוין איצט — געענוי זיך צו דערמאָנען, ווייל דורך די לעצטע חדשים באַמי איך זיך אָפּציען מיינע געדאַנקען פון דעם ענין, ווי מ׳ציט אָפּ די געלע ראָפּע פון אַ פּוס, אָדער אַ האַנט.

ער האָט זיך אַ ווײַלע פאַרטראַכט.

— ס׳גייט שווער, ווען מ׳וויל אַוועקטרײַבן פון זיך רעיונות, ווי ווילדע הינט...

כ׳האָב פּרובירט אים איבעררײַסן, אָבער ס׳איז מיר נישט געלונגען. ער האָט ווײַטער געצויגן:

— ס׳איז ווידער פאַרבײַ אַ יאָר. מײַן לעבן און שווערע אַרבעט האָבן אַבסאָרבירט מײַן וועזן. מײַנע טונקעלע געדאַנקען האָבן זיך אָפּגערופן פון צײַט צו צײַט אָבער פאַרשיידענע זאָרגן און גריזאַטעס פלעגן זיי פאַרדעקן און צעטרעטן, ווי שווערע שטיוול צעקוועטשן קליינע, שוואַרצע ווערעם. אין אַ געוויסן טאָג האָב איך אײַנגעקויפט שפּײַז אין „סופּערמאַרקעט" און אַהיימגעטראָגן אַ שפּאָר פּעקל. דערשלעפּט זיך ביזן אײַנגאַנג־גלעקל, האָב איך מיטאַמאָל דער־שפּירט, ווי מײַן לינק אויג ווערט פאַרגאָסן מיט אַ פליסיקייט ענלעך צו אומריין וואַסער. כ׳האָב פּאָר מיר דערזען ווי אַ שויב מיט אַ צעשטראָמט, שמוציק ריטשקעלע... אַן אויפגעשווידערטער, האָב איך גענומען שרײַען אין פאַרצווייפלונג:

— ראַטעווע מיך, גאָט מײַנער, צוליב מײַנע קינדער! ראַטעווע!

דאָס מאָל איז עס געווען אַ געפּלאַצט אויגן־געפּעס אויפן ווײַסל און מײַן דאָקטער האָט מיר געגעבן צו פאַרשטיין, ווי מזלדיק איך בין, אַז די זעלבע זאַך האָט נישט פּאַסירט אינעווייניק איז אויג.

אַרויס אויף דער גאַס, האָב איך דערהערט אין זיך, דאָס ערשטע מאָל, אַ שאַרפע שטימע, וואָס פון דער מינוט אָן האָט מיך שוין מער נישט פאַרלאָזט. דער קול געהערט צו מײַן שונא, וואָס פלעגט, קאָנטיק, ביז איצט זיך באַנוצן מיט די שטימעלעך פון זײַנע משרתים, די חושבדיקע מחשבות. איצט האָט ער זיך אַנטפּלעקט אין זײַן אייגענער געשטאַלט און אַוועקגעלייגט אַזאַ מענה־לשון:

— פּאַרפאַלן! ס׳עט שוין דיר גאָרנישט העלפן!

כ׳האָב צוערשט גענומען מיט אים איינטענהן מיט גוטן:

— מאַך זיך נישט צו נאַר! ס׳איז גאָרנישט, שעבע־גאָרנישט!

מײַן שונא האָט זיך צעלאַכט:

— אַזוי זאָגסטו? זעסט נישט אַליין, וואָס ס׳טוט זיך?

מיט מײַן גאַנצן כּוח האָב איך געגעבן אים אַ קנאַק אין פּיסק אַרײַן:

— דער פּראָפעסאָר האָט געזאָגט, ס׳קען בײַ יעדן פּאַסירן!

— טראָג זיך אָפּ!

מײַן פֿײַנט האָט זיך צעהירזשעט:

— כ׳וויל דיך באַרויִקן, כ׳זאָג דיר נישט דעם אמת, אַזוי הייבט זיך דאָס אָן... וואַרט־זשע צו און וועסט זען...

— וואָס מיינסטו? — האָב איך זיך געוואָרפֿן אויף אים מיט די פֿויסטן.

— כ׳מײַן דאָס זעלבע, וואָס דו! — האָט ער אויסגעשאָסן און איז פֿאַרשוווּנדן.

שידלאָ איז אַנטשוויגן געוואָרן.

מ׳האָט פֿאַרלאָשן די גרויסע לאָמפּ אויף דער קאַנטין און מיר זענען געבליבן זיצן אין דער פֿינצטער.

מײַן פֿרײַנד האָט זיך אַ ריס געטאָן פֿון אָרט.

— מ׳זעט גאָרניט! — האָט ער אויסגערופֿן.

כ׳בין אויפֿגעשטאַנען גרייט אַהיימצוגיין, ווען שידלאָ האָט מיך פֿאַרהאַלטן.

— גייט נישט אַוועק!

ער איז געזעסן שטיל אַ ווײַלע, ווי ר׳וואָלט זיך פּרובירט צו דערמאָנען די פֿאַרגאַנגענע פּאַסירונגען.

— די צײַט האָט געיאָגט — האָט ער ווידער שטיל גערעדט — און איידער כ׳האָב זיך אומגעקוקט איז מײַן ייִנגל שוין געווען בר־מצווה און מײַן טעכטערל — אַ יאָר צען. כ׳האָב פֿון ביידע געהאַט אַ סך נחת אָבער מײַן פֿרייד איז שטענדיק געווען פֿאַרטונקלט מיט דער אימה, וואָס האָט געצישעט מיט שלאַנגיקע פֿאַרויסזאָגן...

מײַן רעכט אויג האָט מיר גענומען דאָקוטשען. כ׳האָב באַמערקט אויפֿן ווײַסל, נאָענט דעם אונטערשטן אויגן־לעפּל, אַ בלוטיקן צייכן. דער דאָקטער האָט מיך אָנגעקוקט פֿאַרטראַכטערהייט:

— אַן אויגן־געפֿעס האָט ווידער געפּלאַצט... איר מוזט זיך

אָפּהיטן, איר טאָרט נישט אַרבעטן איבער די כּוחות, זיך אויפרעגן... איר האָט מיר אַמאָל דערציילט, איר האָט צרות בײַ דער אַרבעט און דענערווירט זיך אָפּט. זײַט וויסן, אַז די אויפגערייצטע נערוון קלאַפּן, ווי פּיצינקע העמערלעך אָן די אויגן און שעדיקן די ראיה.

כ׳וואָלט געשווירן, אַז כ׳האָב לעבן מיר דערהערט אַ געלעכטער... ס׳איז מיר געווען זייער קענטלעך...

דער רופא האָט געמוזט עפּעס אַראָפּלייענען פון מײַן געזיכט, ווײַל ר׳האָט גענומען מיך באַרויִקן:

— ס׳איז נישטאָ וואָס זיך איבערצורעגן. גיט אַכטונג אויף זיך — דאָס איז דער עיקר! לייגט זיך אַוועק, ווען איר זײַט אויסגעשעפּט! איר זײַט גענוג אַדורכגעגאַנגען אין לאַגער און קיין שמשון הגבור זײַט איר נישט...

דער אויגן־מומחה האָט געוואָרפן אַ בליק אויף דער פּיר־קאַנטיקער קאַרד מיט מײַן נאָמען, וואָס איז געלעגן לעבן אים, אויפן שרײַב־טיש:

— אײַערע אויגן האָבן מיט יאָרן צוריק געדאַרפט גלעזער פון פינף דיאָפּטרעס און איצט האַלטן זיי שוין בײַ נײַן... די ראיה האָט זיך פאַרערגערט אָבער גאָרנישט, זי וועט זיך סטאַביליזירן...

ער האָט אַ שמייכל געטאָן און גוטמוטיק צוגעשאָקלט מיטן קאָפּ.

ווען כ׳בין געקומען אַהיים, האָט מיך מײַן פרוי געפרעגט, צי מײַן „פאָרמאָן״ — דער קורצער פאַרשוין מיט דער אייביק רויטער נאָז — איז מיר ווידער דערגאַנגען די יאָרן.

— ווען מיר, קען ער אײַננעמען די נאַכט אַ מיתה משונה! — האָב איך אַ געשריי געטאָן און זיך גלײַך געכאַפּט, אַז כ׳בין עובר אויף די אָנזאָגן פון מײַן רופא. ווי אויף להכעיס, האָבן זיך מײַנע נערוון נאָך מער צעשפּילט ווי פריִער. כ׳האָב געליאַרעמט, בײַ דער מינדסטער סיבה, אויף מײַן ווײַב, קינדער, מיטאַרבעטער.

כ׳האָב געוווּסט, אַז כ׳דאַרף זיך צווימען, אָבער ס׳איז מיר, פּשוט, אוממעגלעך געווען זיך צו באַהערשן.

נאָך אַ געוויסער צײַט איז מיר אײַנגעפאַלן, אַז כ׳שרײַ אַרויס

מײַן פּחד, כ״פּרוביר אַרויסשפּײַען פֿון זיך מײַן שונא, וואָס האָט זיך שוין באַזעצט אין מיר אויף גוט.

— „פֿאַרמאַך די אויגן״ — האָט ער געערדט צו מיר — „און פּרוּוו צו לעבן אַזוי נאָך, געוווין זיך צו צו דעם, דו, שוטה, וואָס האָסט מיר נישט געגלייבט״...

כ׳האָב מיר נישט געקאָנט קיין פּלאַץ געפֿינען. כ׳האָב גענומען רופֿן מײַן דאָקטער דורכן טעלעפֿאָן, געשריבן צו אים בריוולעך. ביז ר׳האָט געהייסן קומען צו זיך.

— וואָס איז דער מער מיט אײַך, מיסטער שידלאָ? — האָט ער פֿון פֿאַרדרוס זיך אָנגעבלאָזן ווי אַן אינדיק — פֿאַרוואָס קערט איר וועלטן און פֿאַרנעמט מיר די צײַט מיט הוילע נאַרישקייטן: „וואָס וועט זײַן, אַז דאָס וועט פּאַסירן?״ שטעלט אויף די אויערן, הערט אויס מיט קאָפּ: איר זענט קורצזיכטיק אָבער אײַערע אויגן זענען געזונט! נאָכאַמאָל — געזונט!

כ׳בין אַוועק פֿון אים אַן אויפֿגעריכטער און גלײַך אַ טראַסק געטאָן מײַן ביטערן שונא איבער דער מאָרדע:

— אַ, זעסטו, ממזר, ווײסטע קאַליקע!

כ׳בין אַרומגעגאַנגען אַ צײַט אַ באַרויִקטער און צופֿרידענער.

כ׳ווייס נישט, צי כ׳האָב עס געזוכט, צי ס׳איז צופֿעליק אַרײַן אין מײַן האַנט: כ׳האָב אָנגעטראָפֿן אויף אַ פּאָפּולער־וויסנשאַפֿטלעך בוך וועגן אויגן־קראַנקייטן. כ׳האָב גלײַך דאָרט דערקענט, אין איינער פֿון די באַשריבענע חולאתן, די סימנים פֿון מײַן מחלה. כ׳ווייס נישט ביז איצט, צי דער מחבר האָט באמת געמיינט מײַן קראַנקייט, אָדער צי דאָס איז געווען מײַן אַרײַנטײַטש.

ווען כ׳האָב שפּעטער גענומען באַטראַכטן דעם ענין, איז מיר פֿאַרגעקומען, ווי איך אַליין וואָלט געזוכט צו העלפֿן מײַן בלוט־שונא אין דער מלחמה קעגן מיר.

— ווײַל איך שוין אַליין זען מײַן פֿינצטערן סוף? בין איך שוין אַזוי אויסגעשעפּט. אַז כ׳זוך די לעצטע הנאה, וואָס אַ מענטש האָט, ווען אַ צעטראָטענער, קען ער שרײַען צום כביכול:

— ביסט שוין צופרידן מײַן באַשאַפער, איצט, ווען דו האָסט מיך פאַרטיליקט, צעשטויסן אויף פּיץ־פּיצלעך, צעמורשט און צעריבן!

הינטער שידלאָס פּלייצעס האָבן זיך גענומען לעשן די ווײַטע, עלעקטרישע לעמפּלעך פון די ווערענדעס. די פאַרבליבענע האָבן געגליט, ווי אָנגעשטרענגטע, רויטלעכע אויגן פון אַ מענטשן איידער ער פאַרזינקט אין שלאָף.

שידלאָ האָט אָפּגעהוסט און הייזעריקלעך אַ זאָג געטאָן:

— צו יענער צײַט איז מיר מײַן מאַמע געקומען צו חלום... זי האָט געטראָגן אַ גילדענע קאַנדעלאַברע מיט צוויי ברענענדיקע ליכט... זי האָט זיי אַוועקגעשטעלט לעבן מיר אויפן טיש... די מוטער האָט געשמייכלט... כ׳האָב דערשפּירט אַ שטעכיקן ווייטיק הויך בײַם ברוסטקאַסטן, לעבן מײַן לינקן שלאָסביין... כ׳האָב דערפילט, ווי אַ שוואַרץ, שנעל חיהלע זויגט זיך אײַן אין מײַן לייב...

— לאָז מיך לעבן — האָב איך זיך געוועריט און געבעטן אין חלום — לאָז מיך לעבן!

לעבן זיך האָב איך באַמערקט פיר מענטשן, פיר „איכן", ווי כ׳וואָלט געקוקט אין פיר שפּיגלען.

דעם זעלבן זומער האָט זיך אָנגעהויבן די ריכטיקע חתונה. כ׳בין געזעסן אויף דער ווערענדע פון מײַן הײַזל און דערזען, אַז דער קעגנאיבערדיקער דאַך האָט אַ טאָפּלטע ליניע.

ס׳האָט מיר אַ טיאָכקע געטאָן אין האַרצן. כ׳האָב אָבער זיך באַמיט מאַכן צו קליינגעלט די מאָדנע דערשײַנונג.

אַ חודש שפּעטער האָב איך פּלוצעם דערזען פאַרן לינקן אויג אַ גליִענדיק קורץ שלענגל. ס׳האָט זיך פאַר אַ ווײַלע אַ צאַפּל געטאָן און פאַרשוווּנדן.

מײַן דאָקטער האָט מיך באַרויִקט:

— בײַ קורצזיכטיקע מענטשן פּאַסירן אָפט אַזעלכע זאַכן.

דער טײַוול אין מיר האָט זיך צעכיכעט, אָפּגעווישט דעם פּראָפעסאָרס גערייד און אַרײַנגעשלײַדערט מיך אין שוואַרצן גרוב פון פאַרגעפילן.

אַ יאָר שפּעטער האָבן זיך שוין באַוויזן די אמתע סימנים. כ׳בין געזעסן בײַם טעלעפאָן און געפּירט אַ לאַנגן שמועס מיט מײַנס אַ באַקאַנטן. כ׳האָב געוואָרפן מײַן בליק אויפן רעדל, ווו ס׳געפינען זיך די ציפערן און דערזען מיט אַ שמייכל, אַז זיי טאָפּלען זיך: צוויי איינסן, צוויי צווייען און אַזוי ווײַטער.

כ׳האָב צוגעמאַכט ס׳לינקע אויג. די דערשיינונג איז פאַר־שוווּנדן.

כ׳בין אַרויס אויף דער גאַס. די גרינע און רויטע, אויטאָמאַטישע סיגנאַלן בײַם דורכגאַנג האָבן געוווּנקען צו מיר מיט טאָפּלטע ליכט־קרײַזן. די מענטשישע געשטאַלטן האָבן אויסגעזען אין זוניקן ליכט, ווי פאָטאָגראַפיעס געמאַכט מיט אַ ציטעריקער האַנט: מוטנע, צווייײִקע רוקנס און קעפּ.

מײַן אַלטער דאָקטער איז שוין געווען אויפן עולם האמת און איך האָב גלײַך דערפילט, אַז ער פעלט מיר אויס אין דער־אַ שעת צרה ומצוקה.

די אויגן־ספּעציאַליסטן, צו וועלכע כ׳האָב גענומען לויפן, האָבן גערעדט מיט אַ קאַלטער שפּראַך:

— אייער רעכט אויג איז גוט, דאָס צווייטע איז, קאַנטיק, שטענדיק געווען שוואַך...

— ס׳איז בײַ אײַך אַ פרײַע ענדערונג פון דער אויגן־לינדז.

— אַפילו גאָט אַליין קען אייך דאָ גאָרניט העלפן!

— אַ קאַטאַראַקט איז ווי גרויע האָר, זי מוז קומען פרײַער צי שפּעטער...

אַ סקרוך איז אַדורך מײַן לײַב, דאָס האַרץ האָט זיך געגעבן אַ צאַפּל און געבליבן שטיין אַ ווײַלע. אַ ווילדע שרעק האָט דורכגעריסן מײַן גוף. אין דער טויטער שטילקייט אַרום מיר, איז מיר אויסגעקומען, אַז כ׳שוועל אָן, כ׳וועל גרעסער און גרעסער און באַלד וועל איך אויפּפּלאַצן...

כ׳האָב גענומען באַשיטן מײַן לעצטן דאָקטער מיט בהלהדיקע פראַגן: — ווי לאַנג קען נעמען ביז די קאַטאַראַקט וועט פאַרצײַען ס׳גאַנצע אויג? קען דאָס זעלבע פּאַסירן מיטן צווייטן אויג? זענען

דאָ פאַלן ווען נאָר איין אויג איז קראַנק און דאָס אַנדערע בלײַבט געזונט!?

— ס׳קען אַמאָל נעמען פינף יאָר ביז די ראיה פון צווייטן אויג ווערט מוטנע און ס׳קען אַמאָל קומען פופצן יאָר שפּעטער...

— פון וואָס איז דאָס אָפּהענגיק? — האָב איך זיך אָנגעכאַפּט אָן דעם שטרויעלע מיט פאַרקרעמפּטע הענט.

— פון צענדליקער זאַכן... אייגנטלעך ווייס מען נישט... — האָט דער דאָקטער פאַרראַכטן די פּאַפּירן אויף זײַן שרײַבטיש.

כ׳האָב זיך מיטאַמאָל דערמאָנט, וואָס כ׳האָב געלייענט אינעם בוך און אַרויסגעשאָסן:

— אָבער מ׳קען דאָך אָפּערירן.

— מיר טוען דאָס נאָר דאַן, ווען ס׳צווייטע אויג ווערט אויך פאַרצויגן מיט אַ קאַטאַראַקט.

כ׳האָב יענעם אָוונט לאַנג געוואַנדערט איבער די גאַסן ביז כ׳בין צוגעקומען צו מײַן הויז. כ׳האָב זיך פאַרהאַלטן הינטער דער טיר פון מײַן וווינונג. צו מײַנע אויערן איז דערגאַנגען אַ פריידיק געלעכטער פון מײַן טעכטערל, די נעימותדיקע שטימע פון דער מאַמען: — נו, לאָמיר שוין גיין עסן, מײַן לאַבערקע! — און מײַן בחורס שטימע: — כ׳זאָג דיר, דו ביסט נאָך אַ בייבי...

כ׳האָב אין דער מינוט דערזען זיך אַן איינזאַמער, עלנטער מענטש. כ׳האָב האַסטיק אַ קלאַפּ געטאָן אין דער טיר, וואָס האָט זיך מיר אויסגעדוכט צו זײַן אַ פרעמדער אײַנגאַנג צו ווײַטע מענטשן.

ס׳האָט נישט גענומען לאַנג און כ׳האָב, אָנשטאָט געטאָפּלטע גרינע און רויטע סיגנאַלן אויף די גאַסן, גענומען מערקן דרײַ און פיר פאַרביקע ליכט-קרײַזלעך בײַ יעדן סיגנאַל. און דאַן איז אויפגעגאַנגען אין מײַן זכרון דער חלום, וואָס כ׳האָב געזען מיט אַ צײַט צוריק...

ס׳זענען פאַריבער עטלעכע חדשים און די באַזונדערע קאָלירטע רעדלעך זענען שוין נישט מער געווען קענטיק, כ׳האָב דערזען פולע רויטע און גרינע רייפלעך, וואָס האָבן געציטערט בײַ יעדער אויי-

טאָמאַטישער ליכט. זיי זענען געוואָרן ספּעציעל בולט אין אָוונט און האָבן מיר דערמאָנט, אַז כ׳גיי באַרג אַראָפּ. כ׳פלעג צומאַכן דאָס לינקע אויג און די רייפלעך זענען נישט געוואָרן.

— גאָט צו דאַנקען, מײַן רעכט אויג האַלט זיך נאָך...

— אָבער ווי לאַנג — האָט אַ טיף, פינצטער קול אַ ברום געטאָן אין מיר.

שידלאָ איז אַנטשוויגן געוואָרן און איך האָב זיך אַ ריר געטאָן. ער האָט דערפילט מײַן אינסטינקטיווע באַוועגונג און זיך אָפּגערופן:

— כ׳ענדיק באַלד... איצט איז פאַרבליבן פאַר מיר איין אויפגאַבע: פעסטשטעלן ווי לאַנג דאַרף דויערן, ס׳רעכטע אויג וועט קריגן די נעפּלדיקע ראיה...

ס׳האָט מיר גענומען צוויי חדשים, ביז כ׳בין אָנגעקומען צו אַ באַרימטן אַרגענטינער אויגן־פּראָפעסאָר, וואָס האָט זײַן קאַבינעט אין ניו־יאָרק אין אַ שפּיטאָל. אויף מײַן פראַגע וועגן רעכטן אויג, האָט ער מיט אַ שמייכל געענטפערט:

— כ׳האָב געהאַט פאַלן, ווען מענטשן האָבן אויסגעלעבט זייערע יאָרן און זייער צווייט אויג איז געבליבן אומבאַרירט...

איז דאָך אַלץ גוט? וויל גאָט, אַז, מלא שמחה, גיי איך אַרויס פונעם דאָקטער און כ׳בין שוין אויף דער גאָס פאַלט מיר אײַן, ווי ס׳איז מײַן טבע, צו פרעגן דעם מומחה נאָך איין פראַגע... כ׳גיי צוריק און כ׳טרעף אָן אויף איינער פון זײַנע סעקרעטאַרשעס... זי זאָגט מיר, אַז דער פּראָפעסאָר איז זייער פאַרנומען... איידער כ׳באַווײַז נאָך איר צו ענטפערן, גייט זי אַרײַן אין איר צימער, קומט אַרויס מיט אַ בויגן פּאַפּיר און רעדט צו מיר אין דער שטיל: — ס׳איז דאָ פאַרשריבן, אַז דער פּראָפעסאָר האָט געפונען קליינע איינצלנע פינטלעך אין רעכטן אויג... רײַס איך זיך שוין אַרײַן צום דאָקטער און ער פאַרזיכערט מיך, אַז דאָס רעכטע אויג האָט איצט הונדערט פּראָצענט זע־קראַפט...

כ׳גיי אַרויס אַ צעמישטער און גלײַך באַשליס איך אויסצוגעפינען דעם אמת וועגן רעכטן אויג בײַ אַ צווייטן דאָקטער. אָט זיץ איך

שוין בײַ אים אין וואַרטצימער און כ׳בעט צו גאָט, אַז אַלץ זאָל אַדורכגיין כּשורה.

— וואָס, דו ווילסט הערן אַ גוטן ליגן? — רעדט צו מיר מײַן גיפּטיקער שונא?

דער רופא שטעלט פעסט מיט אַ רויִקן און פּאַכמענערישן טאָן, אַז דאָס רעכטע אויג האָט דערוויַיל נישט קיין שום צייכן פון אַ בלאָנע, אָבער די רעטינע פון דעם אויג ענדערט זיך, ווערט דעגענערירט...

— וועט מען מוזן אָנטאָן שאַרפערע גלעזער — זאָג איך שנעל.

— אַמאָל קאָן דאָס אויך נישט העלפן — האָט דער הינטישער זון אויף מיר אַ קוק געטאָן מיט די אויגן פון אַ נאַצי.

— כ׳האָב געלייענט אין אַ בוך, אַז בײַ אַ קראַנקער רעטינע, קאָן מען נישט אָפּערירן קיין קאַטאַראַקט — האָב איך נערוועז געפרעגט.

— עס ווענדט זיך אין צושטאַנד פון נעץ־הײַטל פון אויג — האָט דער מערדער מיר געענטפערט און זיך צופרידן צעשמייכלט.

כ׳בין אַרויס פון דאָקטער און לויפנדיק דורך דער גאַס, בין איך שיעור נישט אַרונטער אונטער אַ לאַסט־אויטאָ. כ׳האָב מיך צוגעשפּאַרט אויף אַ באַנק פון אַ סקווער און געזעסן אַ לאַנגע צײַט. לעבן מיר איז פאַרבײַ אַן אַלטער מאַן מיט אַ לאַנגן ווײַסן שטעקן. ער האָט געשפּאַנט, טאַפּנדיק מיטן שטאָק די ערד אַרום זיך. כ׳האָב דערפילט אין מײַן האַלדז אַ קלויסקע, ווי עפּעס וואָלט זיך געשטעלט אין מײַן גרגרת. כ׳בין אַרײַן אין אַן אַפּטייק און אָפּגערופן דעם רוצחישן מעדיקער פון אַ טעלעפאָן־בײַדל.

— איר פרעגט, ווי לאַנג ס׳קאָן נעמען ביז די רעטינע ווערט צעפאַלן? — הילכט די שטימע פון דעם „איידעלן" רופא — אָ, דאָס קען דויערן זייער, זייער לאַנג...

ער האָט משמעות דערשפּירט מײַן שרעק און באַמיט זיך מיך צו באַרויִקן. זײַן מי איז אָבער געווען אומזיסט. כ׳האָב קלאָר באַנומען אַז כ׳האָב פאַרלוירן אַלע וועלטן. כ׳האָב זיך דערזען אין

דער לאַגע פון אַ האָז, ווען די יאַגד־הינט רינגלען אַרום, וואָס אַמאָל נענטער.

מיטאַמאָל איז אויפגעגאַנגען אין מיר אַ נײַע האָפענונג: די רעטינע פון לינקן אויג איז, מעגלעך, נאָך געזונט און דאָן וועט מיר פאַרבלײַבן, נאָך דער קאַטאַראַקט־אָפּעראַציע, איין גוט אויג.

די אַלמנה פון וואַרשעווער פּראָפעסאָר האָט פאַרקויפט די קליענטעלע פון איר מאַן צוזאַמען מיט זײַנע קאַרטן צו אַ יונגן אויגן־דאָקטער.

— דאָס נעץ־הײַטל פון אײַער לינק אויג? — האָט דער ספּעציאַליסט איבערגעחזרט מײַן שאלה, נאָכדעם, ווי ר׳האָט בודק געווען מײַנע שליפּיעס — אָט, פון דער קאַרט, וואָס דער פּראָפעסאָר האָט פאַרשריבן, לייען איך אַרויס, אַז די רעטינע פונעם לינקן אויג האָט שוין אַרויסגעוויזן לײַכטע שינויים, נאָך איידער ס׳אויג האָט זיך פאַרצויגן מיט אַ קאַטאַראַקט...

— אַלץ איז פאַרשפּילט, פאַרקנאַקט! — האָב איך גערעדט צו זיך, שלעפּנדיק זיך אַהיים — ניטאָ קיין הילף פאַר מיר!

שפּעט בײַנאַכט האָט מײַן ווײַב געמוזט אַרויסרופן צו מיר אַ דאָקטער. כ׳האָב זיך אויפגעכאַפּט אָן אָטעם, באַגאָסן מיט שווייס, מײַן האַרץ איז געלאָפן, האָט געהאַמערט, ווי ס׳וואָלט וועלן אַרויס־שפּרינגען פונעם ברוסט־קאַסטן. כ׳האָב פאַרלוירן ס׳באַוווסטזיין. דער דאָקטער האָט געהאַט בײַ מיר אַ שווער שטיקל אַרבעט, ביז כ׳בין געקומען צו זיך.

ס׳האָט גענומען עטלעכע וואָכן, ביז כ׳בין געווען בכּוח זיך אַראָפּשלעפּן פון בעט.

כ׳האָב גענומען קריכן איבער די צימערן און געטראַכט בײַ זיך: — פאַרוואָס זאָל איך בידים פאַרקירצן ס׳יאָר, אָדער די פּאָר יאָר, וואָס זענען מיר פאַרבליבן איידער ס׳עט אויף מיר אַראָפּפאַלן דער שוואַרצער פאַרהאַנג... כ׳קען דאָך אויסגיין שוין איצט בלויז פון דער אימה...

ווען כ׳בין אַוועק צו מײַן אַרבעט, איז מיר אײַנגעפאַלן אַ

געדאַנק: — בין איך בעסער פון די קדושים וואָס זענען אומגע־קומען? און איך לעב דאָך נאָך...

כ׳האָב גענומען דערזען זאַכן, וואָס כ׳האָב פריִער אינגאַנצן נישט באַמערקט. מײַן אויער האָט אויפגעכאַפּט די קלאָגענישן פון מײַנע פרײַנד און באַקאַנטע — די נײַ־געקומענע, וואָס האָבן געליטן פון פאַרשיידענע חולאתן, און ס׳האָט זיך פאַר מיר אַנטפּלעקט דער אַכזריותדיקער אמת, אַז דער רוב פון זיי איז דורכגעפרעסן דורך קראַנקייטן.

און כ׳האָב געפרעגט דעם רבונו־של־עולם:

— פאַרוואָס און צו וואָס האָסטו זיי איבערגעלאָזט, גאָט מײַנער? זיי זענען דאָך ווי די פליגן, וואָס אַ יִינגלס האַנט האָט זיי אויסגעצופּט די פּיצינקע פליגל. די אָרעמע, זשומענדיקע באַשעפענישן קאָנען שוין מער זיך נישט אויפהייבן אין דער לופט... זיי פּרוּוון און פּרובירן אַ האַפּס טאָן אין דער הייך און פאַלן צוריק אַראָפּ. זיי קריכן אין יסורים, ביז זיי דרייען זיך איבער מיט די האָריקע בײַכלעך אַרויף, ציטערן נאָך עטלעכע מינוט מיט די פיסלעך און בלײַבן ליגן פאַרשטאַרטערהייט. צו וואָס האָסטו, גאָט מײַנער, איבערגעלאָזט די־אַ פליגן?

כ׳האָב געטראַכט וועגן די „גרינע״, ווי מ׳רופט זיי דאָ בײַ אונדז און גלײַכצײַטיק געפילט, ווי מײַנע הענט פאַרקרעמפּן זיך אין פויסטן: — אָ, ניין, אין חושך וועל איך נישט לעבן... דער טײַוול וועט זיך נישט פרייען מיט מײַן לאַנגער גסיסה!

שידלאָ האָט אויפגעהערט צו דערציילן און געבליבן זיצן אַ ווײַלע אַ פאַרשטומטער. כ׳האָב זיך אויפגעהויבן פון אָרט.

— נאָך אַ פּאָר מינוט... האָט זיך מײַן פרײַנד גענומען בעטן בײַ מיר. איך פאַרשטיי, אַז איר ווילט אַנטלויפן...

— נו, מײַן פרוי וואַרט אויף מיר...

— מײַנע אויך, אָבער לאָזט מיר ענדיקן... איר זײַט דער ערשטער, וואָס ווייסט דעם גאַנצן אמת וועגן מיר... קיינער ווייסט נישט וואָס כ׳לעב איבער, ווײַל כ׳שמייכל און כ׳רעד צו יעדן איינעם, ווי קיינמאָל גאָרנישט, כ׳אַרבעט און כ׳אַמפּער זיך מיט מײַן

„פּאַרמאַן״, ווי די אַרבעט וואָלט געווען דער פּופּיק פון דער וועלט און גלײַכצײַטיק בין איך געשפּאַנט, ווי דער סאָלדאַט אויף דער וואַך, וואָס דערוואַרט יעדע רגע דעם ערשטן שאָס — דעם אָנזאָג פון דער שלאַכט.

כ׳טראַכט אָפּט, אַז כ׳בין אַ געשפּאָלטענער מענטש: אַן אַווטאָמאַט און אַ פּיבערנדיקע בריאה.

דער מעכאַנישער איך נעמט אָפּט די אויבערהאַנט און איך פאַרגעס אינגאַנצן אַז ס׳לויערט אויף מיר אַ סכּנה. עס העלפן דאָ אַרויס דעם אַווטאָמאַט די שטוב־זאָרגן און מײַנע נײַע מיחושן: האַרץ־פּאַלפּיטאַציעס און פּלוצימדיקער אויספּעלן פון אָטעם — וואָס לאָזן נישט צו צו מײַן מוח קיין שום אַנדערן געדאַנק.

ווי נאָר אָבער די הויז־דאגות און די מחלות לאָזן אָפּ, ווי מוקן, וואָס הערן אויף צו בײַסן, שפּרינגט מיטאַמאָל אַרויס דער ווילדער פּחד, ווי אַ בער און נעמט מיך דישן מיט זײַנע ריזיקע לאַפּעס.

— יאָ, חיות!... זיי האָבן מיר געהאָלפן פאַרשטיין בעסער מײַן לאַגע.

מיט צוויי חדשים צוריק, אין מאַי, איז געקומען אין דער שטאָט אַרײַן דער צירק. מײַנע קינדער האָבן מיך נישט אָפּגעלאָזט און כ׳בין אַוועק מיט דער משפּחה זען די פאָרשטעלונג.

זיצנדיק אויפן באַלקאָן, האָב איך זיך צוגעקוקט צו די לייבן, וואָס זענען געשפּרונגען, צום קאַנקנדיקן ריטם פון באַצווינגערס בײַטש, דורך טאַבורעטן און רייפן, איינער איבערן אַנדערן, געיאָגט אין אַ ראָד, געהויבן זיך אין פּיראַמידן און געלייגט זיך, ווי לעמעלעך צופוסנס פון באַהערשער.

— איז די אימה נישט קיין חיה? — האָב איך זיך געפרעגט — און דאַרף נישט יעדער מענטש, פּונקט ווי דער באַצווינגער, אַרײַנשנײַדן זיך מיטן בליק אין די גרינע, צעהיצטע שליפּיעס פון דער בעסטיע און פאַרשמײַסן זי מיט דער בײַטש, ביז זי זאָל פאַלן צו זײַנע פיס?...

— און דאָס לעבן?... דער באַהערשער פון די חיות וואָלט

נישט אָוועקגעגעבן די געציילטע מינוטן אין דער שטײַג פּאָר יאָרן פון רוזיקער פעלד־אַרבעט, ווײַל דאָ צווישן די בלוטדורשטיקע ברואים איז ער אין אַ שפּאַנענדיקער עקסטאַזע, וואָס מאַכט אים פאַרגעסן אַז זײַן עקסיסטענץ שטייט אין קאָן יעדע סעקונדע.. יאָ, וויכטיק איז ווי אַזוי מען לעבט און נישט ווי לאַנג מ׳לעבט!

לעב, ווי לאַנג דו לעבסט!

— פאַרוואָס לאַכסטו, חיים? — האָט מיך אַ טאַרקע געטאָן מײַן פרוי פאַרן אָרעם.

— וואָס מיינסטו? — האָב איך זיך פאַרחידושט.

— כ׳האָב שוין לאַנג דיך נישט געהערט אַזוי לאַכן...

פון יענער צײַט זענען אָוועק טעג און וואָכן.

יעדעס בלעטל, גרעזעלע, נייג פון מײַן קינדס גוף, שטריכן פון אַ געזיכט, יעדעס ברעקעלע ליכט, שפּרונג פון אַ פליגל, גלאַנץ פונעם שטיין — האָבן געקראָגן אין מײַנע אויגן אַ נײַעם מין, אַן איבערראַשנדיקן קאָליר, אַ בלענדנדיקן יום־טוב!

כ׳טרינק איצט דאָס לעבן, ווי אַ בעכער מיט ווײַן, טראָפּן נאָך טראָפּן...

— קומט איצט! — האָט שידלאָ פאַרענדיקט — איר זעט, ס׳ברענט נאָך אויף מײַן ווּראַנדע ס׳לעמפּל, דאָס איינציקע לעמפּל...

# די וואָגשאָל

אַ לאַנגע אַלטע פֿון ביימער האָט געפֿירט צום שפּיטאָל פֿון דער מעדיצינישער הויכשול אין פֿירשטענבערג. די צעצווײַגטע טאָפּאָלן פֿון ביידע זײַטן וועג האָבן דערמאָנט יעקבן די אַלטע צום בית־הקברות אין זײַן געבוירן־שטאָט אין פּוילן. דאָרט אָבער האָבן די ביימער טרויעריק געשאָקלט מיט די צווײַגן און אַ כאָפּטע שנאָרערס האָבן געריסן די פֿאַרבײַגייערס פֿאַר די פּאָלעס. דאָ האָבן די טאָפּאָלן באַגריסט די פֿרעמדע מיט אַ שפּאָטיש רוישן און די איינציקע בעטלערס זענען געווען זיי ביידע: ער, יעקב און זײַן פֿרוי מאַניע.

זי האָט פֿאַרשנעלערט אירע טריט. עס זענען איר געווען דערווידער די פֿאַרבײַגייער: דײַטשן אין גרינע יעגער־היטלעך מיט אַ פֿאַווע־פֿעדערל אין דער זײַט, דאַמען מיט אַ האַלב־פֿאַרגליווערטן שמייכל אויף די רויטלעכע ליפּעלעך, אויסגעבאַליעטע ווײַבער מיט די קיישעלעך אין די הענט, בלאָנדע, צעלאָזענע קינדער וואָס האָבן מיט ווילדן געפּילדער געאײַלט אין דער שולע.

— מיר האָבן גענוג צײַט, מאַניע, נישטאָ זיך וואָס צו אײַלן — האָט יעקב באַרויִקט זײַן פֿרוי — זע ווי קיל און טרוקן איז דאָ, ווי הייס מוז איצט זײַן אין תּל־אביב!

— זיי האָבן אַלץ! — האָט אַ ברום געטאָן מאַניע.

זי האָט נערוועז געפֿינטלט מיט די אויגן, איר געזיכט האָט געצוקט פֿון צײַט צו צײַט.

ענדלעך איז אויסגעוואָקסן פֿאַר זייערע אויגן דער הויך־שטאָקיקער שפּיטאָל מיט זײַן אַריסטאָקראַטישער באַראָק־שטוקאַטור, גרויסע, ווענעציאַנער פֿענצטער מיט שויבן, וואָס האָבן געפֿלאַקערט אין דער זון.

— ...ווי ס'פֿײַער פֿון גיהנום — האָט געטראַכט יעקב.

דער הויפּט־אַרײַנגאַנג האָט זיך אַנטפּלעקט פֿאַרן פּאָרל, ווי אַן אויפֿגעריסן מויל פֿון אַ חיה.

זיי האָבן אינסטינקטיוו אַ ציטער געטאָן און איידער זיי האָבן באַוויזן זיך אַרומצוקוקן, האָט אַ כוואַליע מענטשן זיי מיטגעריסן און אַרײַנגעטראָגן אינעווייניק אין גרויסן, קילן פֿאָדערהויז.

די באַדינערינס האָבן ערשט פֿאַרענדיקט דאָס איבערוווישן די שטיינערנע פֿאַסאַדזקע. דער שטײַפֿער באַאַמטער האָט אַ קוק געטאָן אויף די פֿרעמדע פֿון הינטער דעם האַלב פֿאַרגלעזטן ווענטל:

— פּראָפֿעסאָר ווערנער? יאָ, לינקס, ביטע, דאָן רעכטס איסט די פּסיכיאַטרישע קליניק.

— לינקס, רעכטס, לינקס רעכטס — האָט זיך צעקלונגען אַ פֿינצטער גלעקל אין מאַניעס זכּרון.

זי האָט אַ כאַפּ געטאָן איר מאַן בײַם אָרעם:

— קום, קום גיכער!

זיי זענען געבליבן שטיין פֿאַר אַ ווײַסער טיר מיט אַ מעשענעם פּלעטל: פּראָפֿעסאָר האַנס עריק ווערנער.

מאַניע האָט אַ בייג געטאָן די קליאַמקע. די טיר איז געווען פֿאַרשלאָסן.

— וואָס מיינט דאָס? אפֿשר האָבן מיר זיך טועה געווען מיט דער דאַטע? — האָט זי גענומען זוכן דעם בריוו אין איר טאָרבע, אין די קעשענעס פֿון איר מאַנטל. — גיב אַ קוק בײַ זיך, יעקב!...

מיטאַמאָל האָבן זיי דערשפּירט אַ שאַרפֿן בליק פֿון אַ מאַנצביל. נישט פֿרעגנדיק זיי, ווער זיי זענען, האָט ער געעפֿנט די טיר מיט אַ שליסל און אַרײַן אין צימער. מאַניע איז האַסטיק אַרײַן נאָך אים.

יעקב האָט גענומען וואַנדערן איבערן גרויסן צעצווײַגטן פֿאָדערהויז. לאַנגע, קאַלטע קאָרידאָרן האָבן געפֿירט צו פֿאַרשידענע מעדיצינישע אָפּטיילונגען. גלעזערנע, הויכע טירן האָבן זיך געעפֿנט און געשלאָסן אויטאָמאַטיש פֿאַר די דאָקטוירים, סטודענטן, שוועסטער, באַדינערס, קראַנקע, וועלכע מ׳האָט געפֿירט אויף

רעדלבעטלער. דאָ און דאָרט האָבן געקלונגען די טעלעפאָנען מיט אַ מאַטער, אָפּגעריסענער שטימע, ווי פון אומהיילבאַרע חולאים.

ער איז פאַרביי אַ זאַל, וווּ צוויי מאַליאַזשעס האָבן געווייסט די ווענט מיט אַ געדיכטער פאַרב. דער ריח פון פאַקאַסט און פאַרב האָט אַ שלאָג געטאָן אין יעקב׳ס געזיכט. ער האָט גלייך דערפילט, אַז עס פעלט אים אויס אָטעם, ער שטיקט זיך. ער האָט גענומען לויפן צום אַרויסגאַנג, אַרויס אויף דער גאַס אַרויסגעצויגן פון דער טאַש אַ שאַכטעל מיט פּילן און אַ כאַפּ געטאָן איינע אונטער דער צונג. ס׳האָט לאַנג גענומען ביז ער איז געקומען צו זיך.

ער איז צוריק אַריין אין פּאָדערהויז, טראַכטנדיק, ס׳איז אים לייכטער געווען קעמפן מיט די נאַציס אַלס פּאַרטיזאַנער, ווי האַלטן מלחמה מיט זיין קראַנקייט.

פילנדיק אַ שוואַכקייט אין גאַנצן קערפּער, האָט ער זיך באַזעצט אין איינעם פון די פאָטעלן, וואָס זענען געשטאַנען אין פּאָדערהויז. לעבן אים אויף אַ טישל זענען געלעגן עטלעכע צייטונגען. ער האָט גענומען לייענען די „פירשטנבערגער פּרעסע״. ס׳קעפּל האָט אים אַ ברי געטאָן: — „די סיריער דראָען מיט קריג״. — גאָט מיין איינציקער! איבערגעלאָזט זיין טאָכטער אין תל־אביב! צוליב איר איז ער דאָ געקומען. זי איז אַ סטודענטין. איר חבר שטודירט אויך אויפן אוניווערזיטעט. מ׳מוז האָבן געלט זיי זאָלן חתונה האָבן און קענען ווייטער שטודירן. מ׳מוז שאַפן פאַר זיי אַ שטיקל דירה און אויסהאַלטן זיי אַ געוויסע צייט ביז זיי וועלן קענען פאַרדינען אַ גראָשן. די גאַנצע לאַסט פאַלט אויף אים, יעקב׳ן, ווייל דער מחותּן איז אַ קבצן אין זיבן פּאָלעס.

ער האָט זיך פאַרקוקט אויף די דייטשן, וואָס זענען פאַרביי. זייערע געמאָסטענע טריט הילכן אָפּ אויף דער שטיינערנער פּאָסאַדזקע און דערמאָנען אים אַ זעלנערישן מאַרש.

— די דייטשן, זיי גייען נישט, זיי מאַרשירן. אָט גלייך וועט אויפשפּילן „דויטשלאַנד, דויטשלאַנד איבער אַלעס״...

— נישט מער! נישט מער! — האָט יעקב פאַרקוועטשט די הענט אין פויסטן, ביז די נעגל זענען אַרײַן אין פלייש.

— גיב אַ קוק אויף די זאַטע, רויטע פּיסקעס, ענלעך צו פּיאָווקעס, וואָס האָבן ערשט אויסגעזויגן ס׳מענטשישע בלוט.

— איר וועט נאָך „קרעפּירן״ — האָט יעקב פאַרביסן די אונטערשטע ליפּ מיט די ציין.

— דערווייל „קרעפּירסט״ דו — האָט זיך אַ טייוולאַנישע שטימע אין יעקבן צעלאַכט — שנאָרן ביסטו ד׳אָך דאָ געקומען, בעטן רחמים און געלט.

ער האָט זיך אויפגעהויבן און גענומען שפּאַנען אין גרויסן קאָרידאָר, דערנענטערט זיך צום פּראָפעסאָר׳ס צימער: — הינטער דער טיר גיסט זײַן ווײַב אויס איר האַרץ פאַר דעם דייטשן פּסיכיאַטער.

אַ ווײַלע איז אים אויסגעקומען, זײַן פרוי שרײַט. ער איז צו צו דער טיר, גרייט זי אויסזעצן און צעשמעטערן דעם מנובל׳ס קאָפּ. — ניין, דאָס איז נישט מאַניעס קול.

אַ פאַרמאַטערטער איז ער צוריק צו זײַן פּלאַץ, בײַם טישל.

אַן עלטערע פרוי מיט אַ קאָפּ גרויע האָר איז פאַרבײַ. דער הולך, דער שטעל, דאָס גערונצלטע פּנים...

— די מאַמע, די מאַמע איז דאָ!

ער האָט זיך אַ הייב געטאָן ווי נאָכצויאָגן. גלײַך אָבער האָט ער זיך צוריק אָוועקגעזעצט: — זי לעבט דאָך נישט, געוואָרן פאַרפּײַניקט פון די נאַציס.

ער האָט זיך באַגאָסן מיט שווייס.

— זיי האָבן געקוילעט דײַן מאַמען און דו ביסט געקומען צו די רוצחים, זיי זאָלן דיר באַצאָלן דעם שאָדן... וויי צו דיר, ווי טיף דו ביסט געזונקען!

זײַן האַרץ האָט גענומען האַסטיק קלאַפּן.

— באַרויק זיך! — האָט ער געשעפּטשעט צו זיך — האַלט זיך! דײַן פרוי און קינד דאַרפן דיך האָבן. זיי שטאַרק ווי אַ פעלדז!

ער האָט אינסטינקטיוו אַ שמייכל געטאָן:

— ביסט דאָך פון לאַנד, וואָס איז פול מיט פעלדזן.

פאַרטיפט אין געדאַנקען, האָט ער נישט באַמערקט זײַן פרוי. זי האָט אים אַ טאָרקע געטאָן בײַם אָרעם.

ר׳האָט אַ קוק געטאָן אויף איר געזיכט, דערזען די רויטע פלעקן אויפן פנים, די שוואַרצע רינגען אַרום די אויגן.

— זעץ זיך, — האָט ער צוגערוקט איר אַ פאָטעל.

זי איז געזעסן און לאַנג געשוויגן. ער האָט אַראָפּגעלאָזט דעם קאָפּ: — נישט געטאָרט קומען אַהער. ווי זי וואָלט געלייענט זײַנע געדאַנקען האָט זי שטיל אַ זאָג געטאָן: — נישט געווען קיין עצה, כ׳האָב געמוזט קומען.

נאָך אַ ווײַלע האָט זי גענומען רעדן ווי פון דער היץ:

— ער האָט מיר געשטעלט פראַגן, נישט אויפהייבנדיק זײַנע אויגן פון פאַפּיר. איך האָב אים געענטפערט און ער האָט געשריבן און געשריבן אָן אַ סוף...

— לאָמיר גיין — האָט זיך אויפגעשטעלט דער מאַן.

דער וועג צום „גאַסטהאַוז״, ווו זיי זענען אײַנגעשטאַנען, האָט געפירט דורך קאָביקע גאַסן פול מיט הויך־שטאָקיקע, מאָדערנע הײַזער, דורך מיטלאַלטער־זאַווולקעס מיט גרין מאָביקע קירכן און קלויסטערס, פאַרבײַ פריוואַטע ווילעס, אַרומגערינגלט מיט בלומען.

דאָס „גאַסטהאַוז״ — אַן אַמאָליקע רעזידענץ פון אַ קאַמער־יונקער, איז געשטאַנען אין אַ פאַרוואָרלאָזטן גאָרטן, פול מיט קעץ און צעבראָכענע סטאַטועס. הויכע דעמבעס האָבן אַרומגערינגלט דאָס הויז, ווי די לעצטע דינערס פון די גלאָררײַכע צײַטן.

אַן עלטערע דײַטשקע אין ווײַסן האָט געעפנט די טיר מיטן שפּרוך „גריס גאָט!״ זיי זענען פאַרבײַ אַ גרויסן עס־זאַל מיט אַלטפרענקישן מעבל, מיט בילדער פון ריטערס אויף פערד, הויפלײַט אין פורפור און ווײַסע פאַרוקן, מיליטער־לײַט אין גאַלאַ מונדירן. אויף דער הויפּטוואַנט האָבן געהאָנגען צוויי שווערדן אין פאָרם פון אַ קרייץ. העכער, איבער זיי איז אַ שטיק פּוסטע וואַנט אין

פאָרם פון אַ פּירעק, געוועז טונקעלער ווי די רעשט. אַפּנים דאָ איז געהאָנגען דער פּאָרטרעט פון פּירער.

פון עס־זאָל האָבן געדרייטע טרעפּ געפירט צום דאַך־שטיבל, די הילצערנע שטיגן און דער געלענדער האָבן געסקריפּעט און געכאָרכלט, ווי אַן אַסטמאַטיקער, וואָס וועקט זיך אויף פון שלאָף.

זיי זענען אַריַין אין שטיבל. פאַרמאַכט די טיר און מידע אַרויפגעפאַלן אויף די גרויסע פאָטעלן, איבערגעצויגן מיט אויס־געקראָכענעם, בלימלדיקן שטאָף.

— מאָרגן ?... — האָט יעקב אַרויסגעמורמלט.

— מאָרגן — האָט מאַניע אַ שאָקל געטאָן מיטן קאָפּ — מוז איך ווידער זיַין ביַי אים... ס׳זאָל אויף אים קומען אַזאַ אושוויץ און אַ טויטן־מאַרש, ווי איך האָב איבערגעלעבט.

— דער סאַדיסט וועט זי אומברענגען — האָט דער כּעס געקאָכט אין יעקב׳ן — צו וואָס האָב איך זי געבראַכט אַהער ? זי איז דאָך אַ צעבראָכענער שאַרבן...

— ווילסט אפשר עפּעס עסן ? — האָט ער הויך אַ פרעג געטאָן — אַרויסנעמענדיק פון שענקל ברויט און וויַיסן קעז, וואָס ר׳האָט איַינגעקויפט גאַנץ פרי. ער האָט גענומען שניַידן פּעניצלעך אויפן קליינעם טישל.

— ס׳הונגערט מיך נישט — האָט מאַניע זיך אַוועקגעלייגט אויפן פאַרבעטן בעט.

— זי וויל פאַרשלאָפן אירע צרות, ווי זי האָט דאָס געטאָן אין געטאָ — האָט יעקב זיך דערמאָנט וואָס זי האָט אים אַ מאָל דערציילט.

דאָס צימער איז אים ענג געוואָרן, ווי אַ קליאַטקע. ר׳האָט אויפגעפּראַלט די טאָפּלטע פענצטער.

באַבלעטערטע צוויַיגן פון די נאָענטע דעמבעס האָבן זיך צו אים צעשמייכלט מיט גרינע אויגן. פון דער וויַיטנס האָט געוווּנקען צו אים מיט זאַפטיקער רו אַ געדיכטער פּאַרק פון נאָדל־ביימער.

— ווי גוט איז דאָ, ווי שטיל !

— מאַניע, קום אַהער ! — האָט ער אויסגערופן.

ער האָט געוואָרפן אַ בליק אויפן בעט: זי איז געשלאָפן.

צו מאָרגנס האָט ער זיך אויפגעוועקט זייער פרי. די זון האָט פאַרגאָסן דאָס שטיבל. פייגל האָבן געצוויטשעט הינטערן פענצטער.

אַן אומגעהייערע שלווה האָט דורכגעדרונגען זײַן וועזן.

— דאָ וואָלט מאַניע געקומען צו זיך, דאָ וואָלט זי געגעזן געוואָרן... נישטאָ דאָ די אייביקע שפּאַנונג!.. אַ ווילדער, משוגענער געדאַנק: — דאָ צווישן די דײַטשן, וועלכע זי האַסט?...

ער האָט זיך דערמאָנט אַז נײַן אַ זייגער מוז זײַן פרוי זײַן בײַם פּראָפעסאָר און ר׳האָט זי גענומען וועקן.

זי האָט אויף אים אַ קוק געטאָן מיט מוטנע אויגן. ס׳האָט זיך אים אויסגעוויזן, איר פּנים איז געשוואָלן.

— לאָז מיך צו רו, איך וויל שלאָפן...

ר׳האָט זיך דערמאָנט, אין דער היים ליגט זי אָפט אין בעט ביז מיטיק־צײַט און וויל נישט אויפשטיין.

— מיר וועלן פאַרשפּילן די ספּראַווע, מאַניע, מיר טוען דאָס פאַר אונדזער קינד, אונדזער טאָכטער...

— פאַרן קינד? — זי האָט זיך אויפגעהויבן און ווידער צוריקגעלייגט.

ער האָט געגלעט איר פּנים:

— קיינער קען אונדז נישט העלפן, נאָר דו!

מיט פּײַן האָט ער אָבסערווירט, ווי זי שלעפּט זיך אַראָפּ פון בעט, ווי אַ שיכּור, ווי אירע פיס פּלאָנטערן זיך. ר׳האָט געהאָלפן איר אָנטאָן ס׳קלייד, די שיך. ער האָט דערשפּירט ווי ס׳שטיקט אים אין האַלדז.

— ווּ ביסטו, געזונטע, פריילעכע מאַניע? ביסט געווען פול מיט הומאָר און איצט שמייכלסטו זייער זעלטן. די לערערס האָבן באַוווּנדערט דײַן זכּרון און איצט גייסטו אַרײַן אין „סופּערמאַרקעט" און פאַרגעסט צוליב וואָס ביסט געקומען. דו זיצסט אָפט בײַם טיש און רעדסט נישט קיין איין וואָרט, שטייסט אַ שעה בײַם שפּיגל און שווײַגסט, דרייסט זיך אַרום ווי דו וואָלסט געווען פון יענער וועלט.

נאָך צוויי שעה האָט זי דער פּראָפעסאָר באַפרײַט און געהייסן זיך ווענדן צום דאָצענט פרידריך פאָן סימענס, הויפט פון דער אינערלעכער קליניק. דער דאָצענט האָט זי געבעטן קומען צומאָרגנס, דאָנערשטיק.

— כ׳האָב נישט מער קיין כּוח — האָט זיך מאַניע באַקלאָגט — ווי לאַנג וועט דאָס נעמען?

די רענטגען־דורכלויכטונגען, פאַרשידענע אַנאַליזן, מעדיצינישע אונטערזוכונגען האָבן געדרויערט צוויי טעג.

פרייטיק נאָכמיטיק איז זי אַרויס פון דער קליניק. זי איז געווען אויסגעשעפּט און קוים געשלעפּט מיט די פיס, יעקב האָט זי גענומען אונטערן אָרעם: — מיר וועלן אַרײַנגיין ערגעצווו אויף אַ קאַווע.

זיי זענען אַרײַן איז דער נאָנטסטער צוקערניע. אויפן בופעט וואָס איז געווען פול מיט געבעקס און צוקערוואַרג האָבן זיי דערזען צווישן אַן עפּל־קוכן און פּוטער־בולקעס עטלעכע, געפלאָכטענע שבת־חלות. זיי זענען געבליבן שטיין ווי געפּלעפּט. די אייגנטימערין פון דער צוקערניע, אַ שוואַרצהאָריקע, דיקלעכע פרוי און אַ יונגע, בלאָנדע שיקסע זענען געווען פאַרנומען מיט די קליענטן בײַ די טישלעך. די נײַע קונדן האָבן פאַרנומען אַ פּלאַץ נישט ווײַט פון דער טיר, געזעסן און געקוקט פון צײַט צו צײַט אויף די חלות.

די באַלעבאָסטע האָט זיך צוגעשאַרט צו די נײַע געסט, אַ שעפּטשע געטאָן: — ייִדן? און גלייך אַוועק. די שיקסע האָט זיי דערלאַנגט קאַווע און עפּל־קוכן. די אייגנטימערין האָט זיך באַוויזן, באַזעצט זיך נאָענט צו דעם אײַנגעקאָרטשעטן פּאָרל, שטיל געפרעגט פון וואַנען זיי קומען און מיט אַן אונטערדריקטער שטים גענומען דערציילן:

— כ׳בין פאַרבליבן איינע אַליין פון מײַן גאַנצער משפּחה, וואָס איז אומגעקומען אין די לאַגערן. מײַן מאַן איז אַ דײַטש. די שטאָט איז „יודנריין״. דאָ האָבן געלעבט טויזנטער ייִדן. איר קוקט אויף די חלות? די בעקערײַ געהערט הײַנט צו אַ געוועזענעם S.S.־מאַן. דער ייִדישער באַלעבאָס איז געוואָרן דערשטאָכן אויף

טויט דורך דעם־אַ קערל, ווען היטלער איז געוואָרן דער פּירער. דער מערדער האָט יאָרנלאַנג געאַרבעט בײַם ייִד אין דער בעקערײַ און ר׳האָט זי גע׳ירשנט. נאָך היטלערס מפּלה האָט ער זיך אַ צײַט אויסבאַהאַלטן און שפּעטער גענומען זיך צום געשעפט און ס׳גייט אים זייער גוט. מיטאַמאָל, מיט אַ האַלב יאָר צוריק, האָט ער — ווי אַמאָל דער ייִד — גענומען באַקן חלות, אַ חוץ ברויט און קוכנס. פאַר ווען? איין גאָט ווייסט! צוקערניעס און געוועלבער קריגן פון אים די חלות יעדן פרײַטיק גאַנץ פרי. און אויב עמעץ זאָגט זיך אָפּ צו נעמען די חלות קריגט ער נישט קיין ברויט אָדער קוכנס, וואָס זענען די בעסטע אין שטאָט. מאַנטיק שיקן אַלע אים אָפּ די חלות. אָבער אים טשעפּעט דאָס נישט. די דײַטשן טענהן: — „דער אַלטער מאַן איסט פאַרריקט״.

ס׳זענען אַרײַן נײַע קליענטן און די אייגנטימערין האָט זיך אַ ריס געטאָן פון אָרט. מאַניע האָט, אַרויסגייענדיק, געקויפט צוויי חלות:

— דאָס זענען צוויי יתומים — האָט זי מיט באַדויער אַ שאָקל געטאָן מיטן קאָפּ.

אַ טאָג שפּעטער זענען שוין יעקב און זײַן פרוי געווען אין מינכען. זיי האָבן דורכגעשפּאַנט דעם קאַרלס־פּלאַץ אויפן וועג צום אַדוואָקאַט. אונטער קאָלירפולע זון־שירעמס האָבן דיקלעכע דײַטשן און דײַטשקעס געזופּט פון הויכע, גלעזערנע קופּלעס שוימיק ביר, געמיטלעך געשמועסט און געלאַכט. קינדער זענען אַרומגעלאָפן מיט גרינע און רויטע באַלאָנען. מיידלעך אין געבלימלטע קליידלעך האָבן געכיכיקעט צו הויכע, בלאָנדע בחורים. געאָרעמטע פּאָרלעך האָבן זאָרגלאָז שפּאַצירט. בײַ די אײַז־קרעם־בודקעס האָט געפּילדערט ס׳יונגוואַרג. עטלעכע סטודענטן מיט בערדלעך און הויכע טשופּרינעס האָבן שמייכלענדיק דיסקוטירט, זיצנדיק אויף אַ באַנק.

די געמיטלעכקייט און געלאַסנקייט פון די מענטשן, די שלווה פון די פּנימער האָבן פאַרבליפט און עלעקטריזירט יעקב׳ן און זײַן פרוי.

זי האָט אַ הייב געטאָן איר האַנט צום הימל: — דו זעסט, דער זעלבער הימל וואָס האָט זיך רויִק צוגעקוקט ווי מען שעכט אונדז, דער זעלבער בלויער הימל גיט איצט די רוצחים זײַן זוניקע ברכה... זיי לעבן און לאַבן!

— מיר לעבן אויך, מאַניע, און מיר וועלן אייביק לעבן!

— ביסט זיך טועה, מיר זענען שוין לאַנג געשטאָרבן, לאַנג צוריק...

זיי זענען אַרײַן אין דער פּאַרטנשטראַסע.

פון ביידע זײַטן גאַס האָבן זיך געצויגן שטילע, קליינע האָטעלן, באַרן און קאַבאַרעטן. פון די שוי־פענצטער האָבן אַרויסגעשמייכלט בילדער פון יונגע זינגערס אין שטײַפע אייבערהעמדער און שוואַרצע פראַקן און פון האַלב־נאַקעטע טענצערינס אין פאַרשידענע פּאָזעס.

אַ נערוועזער, צעהיצטער עולם האָט באַלאַגערט איינעם פון די קאַבאַרעטן. מ'האָט געזידלט דעם אייגנטימער, געמאַכט אים מיט דער בלאָטע צוגלייך.

— דער שורקע!

— דער פאַרפלוכטער יודע!

— דאַס הורנהאַוז!

אַ בײַכיקער דײַטש מיט אַ טאָפּלטן גוידער און צעשוואומענע אויגן האָט דערציילט יעקבֿ'ן און זײַן פרוי, אַז דער אייגנטימער פון דעם פאַרווײַלונג־פּלאַץ האָט אַנגאַזשירט אַלס טענצערין אַ זעכצניעריקע מיידל· דער טאַטע האָט געמאַכט דעם באַלעבאָס אַ ווילטן סקאַנדאַל. מ'האָט דעם פאָטער אַרויסגעוואָרפן. ער איז איצט געלאָפן נאָך דער פּאָליציי.

נישט ווײַט פון דער גאַרטנשטראַסע האָט געהאַט זײַן ביוראָ דער אַדוואָקאַט יאָהאַן בורקאָ. די ווענט זענען געווען באַהאָנגען מיט אייל־בילדער פון באַוווסטע מאָלערס, זײַן שרײַבטיש איז געווען פול מיט קליינע אַנטיקן פון עלפאַנטביין, אויף די פּאָליצעס, אַרום די ווענט, זענען געשטאַנען אויסגעשטאָפּטע טראָפּישע פייגל. אויפן דיל איז געווען אויסגעשפּרייט אַ דיקער, פּערסישער טעפּיך. ער האָט אַ קוק געטאָן אויף די געסט און זיך צעשמייכלט

מיט אויסשטשירען די געלבלעכע ציין. ס׳איז געווען זײַן לאַכעלע נומער איינס, מיט וועלכן ער פלעגט באַגריסן ס׳ערשטע מאָל די קליענטן.

— אָ, דאָס זײַט איר מאַניע ראָזנבלום, זיצט, זיצט... איר זעט כ׳האָב אויף אײַך געוואַרט, כ׳האָב די אַקטן פון דער ספּראַווע אויפן טיש...

זײַנע קאַלטע אויגן זענען אַרויפגעפאַלן אויף יעקבֿ׳ס פּנים ווי צוויי הונגעריקע מײַזלעך.

— נישט צו באַנעמען! פאַרוואָס האָט אײַער פרוי אין דער לעצטער מינוט אַרײַנגעגעבן די ביטע וועגן „גוטמאַכונג״?

— כ׳האָב אייגנטלעך געטראַכט אינגאַנצן נישט צו נעמען די דײַטשישע געלטער... אָבער איצט בין איך געצווונגען...

— איצט, מײַן ליבער הער ראָזנבלום, איז אַ סך שווערער צו קריגן די פּיצויים... די דײַטשן זענען שוין מיד געוואָרן פון געבן.

די צוויי הונגעריקע מײַזלעך האָבן געפרעסן מיט גרויס אַפּעטיט די אַנטוישונג און פאַרצווייפלונג, וואָס האָבן זיך באַוויזן אויף יעקבֿ׳ס געזיכט.

איצט איז געקומען די צײַט אויף דעם לאַקריץ-שמייכעלע נומער צוויי: — ס׳איז נישט אויסגעשלאָסן... איר קענט נאָך געווינען, כ׳וועל אַלץ טאָן וואָס מעגלעך.

דער טעלעפאָן האָט גענומען קלינגען. בורקאָ האָט אַ כאַפּ געטאָן ס׳טרײַבל. אַ פּאָר מינוטן זיך אײַנגעהערט און צום סוף אַרײַנגעשריען: — קומט אַרויף! קומט אַרויף!

— אונדזערע ייִדן האָבן נישט קיין קליינע צרות, מ׳פּלאָגט זיי דאָ... — האָט דער יוריסט מיט באַדויער אַ שאָקל געטאָן מיטן קאָפּ.

— בפרט ווען זיי האָבן באָרן און קאַבאַרעטן — האָט געענטפערט יעקבֿ.

בײַם געזעגענען זיך מיטן פּאָרל, האָט דער אַדוואָקאַט אַ זאָג געטאָן: — גריסט מײַן קאָלעגע, אײַער יוריסט אין ישראל,

און זאָגט אים, כ׳וועל זען צו טאָן אַלץ וואָס מעגלעך, אָבער דער פּסק־דין איז אָפּהענגיק פון דײַטשישן געריכט.

זיי זענען אַרײַן אין עראָפּלאַן אויפן פלי־פּלאַץ אין מינכען. יעקב האָט אַרויפגעלייגט די וואַליזקע אויף דער אויבערשטער פּאָליצע, אויפגעהאַנגען די מאַנטלען אויפן האָק לעבן רונדיקן פענצטער און אָפּגעדעכעט, ווי אַ שטיין וואָלט אים אַראָפּ פון האַרצן.

— מאַניע, ווי גוט איז אונדז, מיר פאָרן אַהיים.

זי האָט זיך צעשמייכלט און אַ גלעט געטאָן זײַן האַנט:

— גוט איז צו זײַן מיט דיר, זייער גוט...

איצט האָט ער ערשט דערשפּירט ווי פאַרמאַטערט און אויסגעשעפּט ער איז. ער האָט פאַרמאַכט די אויגן.

ר׳האָט דערזען זײַן מאַמען... זי איז געשטאַנען און איבערגעוויגן דאָס שטיקל פלייש וואָס זי האָט געקויפט לכבוד שבת.

זי האָט געוויגן אויף איר קליינער, היימישער וואָג.

איר פּנים האָט געשײַנט: — די וואָג שטימט. ער האָט געוואָלט איר עפּעס זאָגן, אָבער זי איז פאַרשוווּנדן. ר׳האָט זי געזוכט און נישט געקענט געפינען. די היימישע וואָג איז געבליבן שטיין אַ ליידיקע... מיט אַמאָל האָט זי גענומען וואַקסן, געוואָרן גרעסער און העכער, אומהיימלעך געשטיגן, ביז דאָס צינגל האָט דערגרייכט די הויך פון אַ בוים און די מעשענע שאָלן האָבן זיך צעשפּרייט ווי דער קאַרלס־פּלאַץ. בײַ איינעם פון די שאָלן האָט זיך באַוויזן אַ מגושמדיקער געסטאַפּאָ־מאַן אין אַ לעדערנעם מאַנטל און אויסגעבויגענעם, גלאַנציקן הוט מיט אַ טויטן קאָפּ אינדערמיט. לעבן דער צווייטער שאָל איז אַרויסגעשוווּמען אַ מאָוימדיקער, ריזיקער ראַבאָט מיט אַן אומגעהייערער לאָפּאַטע אין דער האַנט. אַ געדיכטער עולם פון יאָמערנדיקע ייִדן מיט זעקלעך אין די הענט איז צוגעלאָפן צום נאַצי, שרײַענדיק בקולי־קולות: — באַצאָל אונדז פאַר די טויטע, פאַר אונדזערע טויטע באַצאָל!

דער ראָבאָט האָט גענומען אַרויפוואַרפן מיט דער לאָפּאַטע אויף דער שאָל ליימיקע מתים מיט אויסגעגלאָצטע אויגן. דער

געסטאַפּאָ־מאַן האָט געשליַידערט פון אַ גרויסן זאַק גאָלדשטיקלעך אויף זיַין שאָל. די ייִדן זענען אונטערגעשפּרונגען, יעדעס מאָל אַן אַנדערער און געיאָמערט: — אָט דאָס זענען מיַינע מתים; און דאַן געיאָגט צום נאַצי, וועלכער האָט געשאָטן גאָלדענע רענדלעך אין זייערע זעקלעך.

ענדלעך איז געקומען די ריי אויף יעקבין. פון דער לאָפּאַטע אויף דער שאָל זענען אַראָפּגעפאַלן זיַין מאַמע, זיַין שוועסטער, מומעס און פעטערס... דער נאַצי האָט פון זיַין זאַק געשאָטן גאָלדשטיקלעך.

— ...ניין, ניין, ניין! — האָט זיך צעשריען יעקב — ניין, ניין!... — — —

מאַניע האָט אויפגעוועקט איר מאַן: — וואָס איז געשען? ער האָט איר נישט געענטפערט, געזעסן אַן איינגעקאָרטשעטער, אַ שטומער.

— יעקב, אין צוואַנציק מינוט אַרום וועלן מיר שוין זיַין אין לוד!

דער עולם האָט גענומען זינגען „הבאנו שלום עליכם". יעקב האָט דערשפּירט ווי זיַינע אויגן ווערן נאַס.

# דער קאָרידאָר

ד״ר א. אב־שלום מיט דאַנקבאַרקייט

דאָס ריטמישע סאָפּען פון די דרוקמאַשינען, דער ווירבלענדיקער גערויש פון לינאָטיפּ, די קולות פון די פאַרשמייַעטע זעצערס האָבן אים פאַרטויבט. די ענגשאַפט פון פאַרשטויבטן רוים, פאַרלייגט מיט באַדרוקטע און ווייַסע בויגנס, וואַלצן און זאַץ, דער ריח פון דרוקפאַרב און געשמאָלצענעם בליי האָבן אים געשטיקט, נישט געלאָזט כאַפּן דעם אָטעם.

מיט דעם רעכטן אויג האַלב פאַרלאָשן, דאָס לינקע — באַדעקט מיט אַ קאַטאַראַקט, האַלטנדיק די פּרווו־בויגנס כּמעט לעבן זייַן נאָז, האָט ער דורכגעקוקט די לעצטע קאָרעקטורן פון זייַן בוך. פאַרראַכטן די אַלטע גרייַזן, האָט ער געפונען שפּעטער נייַע — געמאַכט פון די זעצערס. ס׳איז אים אויסגעקומען, ער וועט די אַרבעט קיינמאָל נישט פאַרענדיקן. זייַן רוגזה איז געוואַקסן און מיט איר אויך די שרעק, אַז די נאַכט וועט צופאַלן און ער וועט נישט טרעפן אַהיים.

ענדלעך האָט ער דעם זעצער דערלאַנגט די פאַרבליבענע, אויסגעבעסערטע בויגנס.

ר׳איז אַרויס אויף דער טונקלענדיקער גאַס, אַרייַן אין געמיטלעכן שטראָם פון מענטשן. ס׳זענען אים פאַרבייַ זשומענדיקע אויטאָס, קולות פון פאַרקויפערס, געלעכטער פון קינדער. דאָ און דאָרט האָבן אויפגעבליצט לאָמפּן. דער געיאָמער פון אַ בעטלער האָט אים פאַרהאַלטן. די פאַרשלאָסענע אויגן פון שנאָרער האָבן אים דערמאָנט דעם יום־הדין:

— אין אַ פּאָר טעג אַרום דאַרף ער ווערן אָפּערירט. ס׳איז מעגלעך, אַז זייַן בוך וועט דערשייַנען, ווען ער וועט שוין נישט עקזיסטירן.

ס'איז אים אַדורך אַ שווידער. גלײַך אָבער האָט ער זיך צעלאַכט:

— ס'איז נאָך קיינער נישט געשטאָרבן פון אַ קאַטאַראַקט־אָפּעראַציע.

— אָבער בלינד געוואָרן איז נישט איינער און דאָס צווייטע אויג איז שוין האַלב פאַרלאָשן און מ'קען עס נישט היילן...

ער איז אַרײַן אין שטוב. די פרוי און קינדער האָבן אים אַרומגערינגלט:

— פאַרוואָס האָט עס גענומען אַזוי לאַנג?

איצט האָט אים אַרומגענומען אַ פריידיקע זיכערקייט:

— די אָפּעראַציע וועט זיך אײַנגעבן.

ער האָט זיך אײַנגעזויגן אין די פּנימער פון זײַן הויזגעזינד:

— ווי אויסטערליש שיין, ווי בולט זענען געוועזן די געזיכטער, ווי ר'וואָלט זיי געזען ס'ערשטע מאָל אין זײַן לעבן!

— זעען די פאַרמשפּטע צום טויט אַזוי די מענטשן אַרום זיך?

דער שרײַבער האָט זיך גלײַכצײַטיק געכאַפּט, אַז זײַן רעכט אויג קען נאָך, בײַ גוטער ליכט, זען און ר'איז געוואָרן אויפ־געהײַטערט.

תּיכּף האָט ער זיך דערמאָנט אָן דעם דיאַגנאָז פון פּראָפעסאָר מינץ, בײַ וועלכן ר'איז געוועזן מיט אַ צײַט צוריק:

— ס'אויג איז נישט היילבאַר...

אָפּגעגעסן די וועטשערע האָט דער שרײַבער זיך צוגעלעגט אויפן פאַרבעטן בעט. ר'האָט זיך געראַנגלט מיט זיך, געשטאַרקט און ווידער אַרײַן אין ייאוש.

— דער מינדסטער פעלער פון כירורגס האַנט קען אים מאַכן בלינד...

ר'האָט באַנומען ס'געלעכטער פון זײַנע קינדער דורך דער וואַנט.

— אַ קראַנקער איז ווי אַ פאַרוווּנדעטע חיה אין וואַלד. די חיות באַשמעקן זי און יאָגן ווײַטער. דאָס אומגליקלעכע באַשעפעניש

גייט אויס פאַרלאָזן פון אַלע. נאָר די שטומע ביימער און דער ווינט זענען די עדות פון זײַן אומקום.

צוויי טעג שפּעטער איז ער שוין געווען אין שפּיטאָל. אָנגעטאָן אין אַ ווײַסן כאַלאַט, איז ער געזעסן צוזאַמען מיט אַנדערע אין אַ לאַנגן קאָרידאָר לעבן אַן אויפנאַם־צימער. די קראַנקע — דער גרעסטער טייל פון זיי מיט איין אויג פאַרבאַנדאַזשירט — האָבן געפירט אַ לעבהאַפטיקן שמועס. מיטאַמאָל איז געוואָרן שטיל.

— דאָקטער קרני גייט...

אַ ברייטפּלייציקע, מאַסיווע געשטאַלט איז פאַרבײַ דעם שרײַבער. ר׳האָט זיך אין דער מינוט אינסטינקטיוו אַ הייב געטאָן און אַרויסגעמורמלט:

— שלום!

— דאָס גייט מײַן גורל! — האָט אַ געדאַנק ווי אַ בליציק מעסער דורכגעשניטן זײַן מוח.

די קראַנקע זענען איינער נאָכן אַנדערן אַרײַן אין אויפנאַם־צימער, נאָכדעם ווי די קראַנקנשוועסטער האָט אויסגערופן זייערע נעמען.

דער לאַנגזאַמער טעמפּאָ פון די אונטערזוכונגען האָט געצויגן די אויפמערקזאַמקייט פונעם שרײַבער: — דער דאָקטער באַהאַנדלט די קראַנקע, ווי אַ פּראָפעסאָר זײַנע פּריוואַטע פּאַציענטן. ווי דאָס וואָלט גאָרניט געווען אַ קהלשער שפּיטאָל! ס׳זעט זיך אויס, אַז קרני איז אַ געוויסנדיקער רופא. געלויבט צו גאָט, כ׳בין אין גוטע הענט!

אַ מילדער קול האָט אַרויסגעריסן דעם שרײַבער פון זײַנע מחשבות:

— ווערניצקי!

דער שרײַבער האָט זיך אַ הייב געטאָן און איז אַרײַן אין אויפנאַם־צימער. ס׳איז געווען אַ שוואַרצע שטוב אָן אַ טראָפּן ליכט. גלײַך האָט אויפגעבליצט דעם דאָקטערס עלעקטריש לעמפּל. קרני האָט גענומען אונטערזוכן ווערניצקיס אויגן. די קאָנצענטרירטע שײַן האָט געבלענדט די שוואַרצאָפּלען. נאָכדעם איז געקומען די

ריי צו עקזאַמינירן די ראיה דורך דער „שפּאַלטלאָמפּ״. דאָן האָט די קראַנקנשוועסטער פאַרגרעסערט וויערניצקיס שוואַרצאַפּלען דורך אַריינגיסן טראָפּנס אין די אויגן. דער שרייבער האָט זיך געלייגט אויף אַ לאַנגן האַרטן טיש און זיינע אויגן זענען געלאָפן לינקס און רעכטס אַרויף און אַראָפּ לויט קרניס באַפעל. דער פלאַם פון עלעקטרישן לעמפּל האָט געברענט די אויגן, וואָס האָבן זיך געריסן צו שליסן. וויערניצקי האָט געביסן די ליפּן. די מינוטן האָבן זיך געצויגן ווי שעהען.

ענדלעך האָט דער דאָקטער אַרויסגעגעבן דעם פסק־דין:

— דאָס רעכטע אויג איז פול מיט בלוט־אויסגוסן, דאָס לינקע — איז ריין, כאָטש ס׳האָט די קאַטאַראַקט... נו, וועלן מיר דורכפירן די אָפּעראַציע איבערמאָרגן.

דער וואַרעמער טאָן פון קרניס רייד האָט איבעראַשט דעם שרייבער:

— ווי קומט עס, דער האַרטער אויסזען און דער מילדער קול?

ווען וויערניצקי האָט זיך געלייגט אויפן שפּיטאָל־בעט מיט די קילע שניידיקע קישנס, האָט אים אַדורכגענומען אַ מאָדנע רויִקייט.

— אַ גליקלעכער מענטש זייט איר! — האָט דער שכן פון צווייטן בעט אים זאָטשעפּעט. — הלוואי וואָלט איך געהאַט נאָר אַ קאַטאַראַקט!... כ׳האָב די אמתע צרה: דאָס נעץ־הייטל פון אויג האָט זיך אָפּגעטשעפּעט...

פון דריטן בעט האָט אַרויסגעקרעכצט אַ קיבוצניק:

— ווייל איז אייך, יידן, איר האָט כאָטש מיט וואָס צו זען... מיר האָט מען פאַרבאַנדאַזשירט ביידע אויגן און כ׳בין אָנגעוויזן אויפן חסד פון די קראַנקנשוועסטערס...

— זינדיקט נישט! — האָט דער שכן פון צווייטן בעט, אַ מושבניק, אים איבערגעריסן — די אַחיות דאָ זענען בעסער ווי די שוועסטערן אין די גרויסע שפּיטעלער אין אויסלאַנד... כ׳בין געלעגן אין אַ לוקסוס־שפּיטאָל אין אַמעריקע און נישט געהאַט די באַדינונג, וואָס כ׳האָב דאָ...

— באמת? — האָט זיך געוווּנדערט וויערניצקי. — ווי אַזוי איז עס מעגלעך?

— אַלץ איז מעגלעך — האָט געשמייכלט דער מושבניק. — אויב דער הויפּט פון דער אָפּטיילונג איז דאָקטער קרני.



ווען קרני איז געווען אַ קליין ייִנגל האָט ער ליב געהאַט זומערצײַט צו אָבסערווירן די שטערן פון הימל.

— פון וואַנען קומען די שטערן? — פלעגט ער זיך אַליין פרעגן — פון וואַנען?

דער טאַטע זײַנער, אַ פּוילישער ייִד, האָט ליב געהאַט צו פירן ס'קינד אויף ווײַטע אויספלוגן.

— גיב אַ קוק — פלעגט דער פאָטער זאָגן צו זײַן זון — אָט איז דער ים, אַ גוטער און רויִקער און אַ ווילדע שפּעטער — אַ ברויזנדיקער און שטורמישער... ער טראָגט שיפן, פאַרבינדט קאָנטינענטן און מענטשן, אָבער אָפט פאַרפלייצט ער גאַנצע שטיקער ערד, פאַרשלינגט מענטשן און שיפן — ער איז אַ חיה און אַ גוטער מלאך... דאָס זעלבע איז אויך דער מענטש... אָבער דער מענטש מוז באַצווינגען די חיה אין זיך...

— פון וואַנען קומט דער ים? — האָט אָנגעשטעלט ס'קינד אַ פּאָר פאַרוווּנדערטע אויגן.

דורך שמאָלע געסלעך פון אַלט-ירושלים פלעגט דער טאַטע פירן זײַן קינד צום כּותל המערבי. שטייענדיק בײַ דער הייליקער וואַנט האָט דער פאָטער דערציילט זײַן זון וועגן חורבן בית-המקדש. אָבער ס'ייִנגל האָט זיך פאַרקוקט אויף די בלינדע בעטלער בײַם כּותל: — טאַטע, פאַרוואָס זענען זיי בלינד? פון וואַנען קומט זייער חולאת?

פאָטער און זון האָבן פאַרבראַכט אַן אָוונט אין רמת-הכובש. די קיבוצניקעס האָבן זיך אויסגעזעצט אַרום אַ פײַער. מ'האָט אַרויסגעטראָגן אַן אַלטן פּאַטעפאָן מיט פּלאַטן. אין דער קלאָרער

נאַכט זענען אויפגעגאַנגען די טענער פון בעטהאָווענס נײַנטער סימפאָניע. זיי האָבן זיך געטראָגן איבער די פּאַרזייטע פעלדער, צריפים און געצעלטן. פון ווײַטנס האָבן די שאַקאַלן געענטפערט מיט אַ יאָמערלעכן געוואָי.

ס'קינד האָט זיך ציטערנדיק צוגעטוליעט צום טאַטן.

— שרעק זיך נישט, מײַן זון — האָט אים באַרויִקט דער פאָטער — הער זיך צו צו דער מוזיק, פאַרטיף זיך אין איר!



קרני האָט אַרויסגעוויזן גרויסע פעיִקייטן אַלס יונגער סטודענט פון מעדיצין אויפן אוניווערסיטעט אין ירושלים. ווען ר'האָט געענדיקט, האָט ער זיך ספּעציאַליזירט אין אויגן־קראַנקייטן. פּראָפעסאָר אָרליק, אַ וועלט־באַרימטער אויגן־ספּעציאַליסט, האָט פאָרגעשלאָגן דעם יונגן דאָקטער צו ווערן איינער פון זײַנע אַסיסטענטן. קרני האָט אָנגענומען זײַן אָנבאָט. די פּרעציזקייט פון נײַעם געהילף אין דער אַרבעט, זײַן דורשט נאָך וויסן, אויפריכטיקייט און ווערדיקע האַלטונג האָבן שטאַרק אויסגענומען בײַם פּראָפעסאָר.

מיט דער צײַט האָט דער באַרימטער געלערנטער זיך גענומען רעכענען מיט דעם דיאַגנאָז פון זײַן אַסיסטענט, ווען ס'זענען פאָרגעקומען קאָמפּליצירטע פאַלן פון אויגן־קראַנקייטן.

ס'זענען אַוועק עטלעכע יאָר און קרני איז געוואָרן דער הויפּט־געהילף פון פּראָפעסאָר. צווישן ביידע האָט זיך פאַרבונדן אַ נאָענטע פרײַנטשאַפט.

אָפטמאָל פלעגן זיי זיך אַרײַנלאָזן אין אַ דיסקוסיע וועגן אַ שווערן פאַל פון גלאַוקאָמע אָדער קאָמפּליצירטער אויגן־טראַנס־פּלאַנטאַציע. זיי פלעגן זיך לאַנג אַמפּערן. און נישט איינמאָל האָט דער געלערנטער צום סוף געמוזט מסכים זיין מיט זײַן געהילף.

— קרני — האָט געשמייכלט אָרליק — דו וועסט ווערן מיט דער צײַט אַ פּראָפעסאָר!...

יאָרן שפּעטער האָט דאָקטער קרני דערמאָנט די צײַטן מיט

בענקשאַפט: — דאָס זענען געווען יאָרן פון התרוממות, יאָרן פון פאָרשונג, צײַטן פון אמתער פרײַנטשאַפט.

*

ס׳איז געווען אַ רעגנטאָג. ירושלים איז געווען אײַנגעהילט אין אַ לײַכטן נעפּל. קרני האָט ערשט פאַרענדיקט אַ רעטינע־אָפּעראַציע און זיך געוואַשן די הענט, ווען דער טעלעפאָן האָט גענומען קלינגען.

ס׳איז געווען דער פּראָפעסאָר.

— כ׳וויל דיך זען, קרני!

— הער מיך אויס — האָט גענומען רעדן אָרליק, נישט קוקנדיק אויף זײַן געהילף — כ׳האָב פאַר דיר אַ גוטע שטעלע אַלס הויפּט פון דער אויגן־אָפּטיילונג אין גרויסן, נײַעם שפּיטאָל אין עמק הגבורה...

— כ׳זוך נישט קיין שטעלעס.

דער געלערנטער האָט געוואָרפן אַ שאַרפן בליק אויף זײַן אַסיסטענט:

— כ׳וואָלט געווען דער גרעסטער עגאָיִסט דיך צו פאַרהאַלטן. דו ביסט אַ גלענצנדיקער דאָקטער און כירורג און וועסט אויך זײַן אַ גוטער לערער.

דער פּראָפעסאָר האָט אָפּגעוואָנדן דעם בליק פון זײַן יונגן פרײַנד און זיך פאַרקוקט אין פענצטער. אין די שויבן האָבן געקלאַפּט רעגנטראָפּנס.

אָרליק, פאַרזונקען אין זײַנע מחשבות, האָט נישט געהערט קרניס ענטפער.

נאָך אַ ווײַלע האָט זיך דער געלערנטער ווי אויפגעוועקט און שנעל אַ זאָג געטאָן: — דער מנהל פון שפּיטאָל וויל האָבן דעם ענטפער ווי אַמשנעלסטן. דער שפּיטאָל איז איינער פון די מאָדערנסטע אין לאַנד, כאָטש ער געפינט זיך אין אַ שטעטל...

— אַ שטעטל — האָט איבערגעחזרט מיט ביטול דער געהילף.

— יבנה איז אויך געווען אַ שטעטל — האָט זיך צעבייזערט

דער פּראָפעסאָר — און דער קליינער ישוב איז געוואָרן דער צענטער פון תורה און חכמה, אַ דאַנק דיר קען די אויגן־אָפּטיילונג ווערן אַ פּאָרש־און הייל־צענטער.

— צו זײַן דער הויפּט פון אַן אויגן־אָפּטיילונג אין אַ שפּיטאָל דאַרף מען זײַן אַ פּראָפעסאָר — האָט אַ וואָרף געטאָן דער אַסיסטענט...

— מיט דער צײַט וועסטו עס ווערן — האָט אים פאַרזיכערט דער געלערנטער — בפרט, אַז דער שפּיטאָל איז פאַרבונדן מיט אַן אוניווערסיטעט... דער עיקר זײַ נישט צו באַשיידן!

— כ׳וואָלט וועלן דאָ פאַרבלײַבן — האָט דער הויפּט־געהילף שטיל געענטפערט.

— דו באַמערקסט נישט, קרני, אַז כ׳ווער שוין 70 יאָר אַלט און ווי לאַנג קען איך נאָך אַרבעטן? כ׳ווייס אויך נישט ווער ס׳וועט פאַרנעמען מײַן פּלאַץ...

אָרליק איז אויפגעשטאַנען: — אָבער דו ביסט אַוודאי מיד נאָך דער אָפּעראַציע. קרני, כ׳וויל הערן פון דיר אַ פּאָזיטיוון ענטפער.

דער אַסיסטענט איז אַרויס פון צימער. דעם אַלטער מאַן איז געבליבן אַליין. אין די שויבן האָבן געקלאַפּט רעגנטראָפּנס מיט אַ קאַלטן, מאָנאָטאָנעם ריטם.



אַ וואָך שפּעטער האָט זיך דער פּראָפעסאָר געזעגנט מיט זײַן יונגן פרײַנד:

— הער מיך אויס — קרני — און פאַרגעדענק מײַנע רייד. ס׳וועט דיר נישט זײַן לײַכט! קנאה־שנאה וועט גריזשען דײַנע פּיאַטעס, ווײַל וואָס העכער דער בוים דאָס גרעסער דער שאָטן... דו אָבער טראַכט קיינמאָל נישט וועגן דײַנע שונאים און גריבל זיך אויך נישט צו פיל אין דײַנע פּערזענלעכע זאָרגן — פאַרטיף זיך אין דײַן אַרבעט.

קרני האָט געהערט אין די ווערטער פון זײַן פרײַנד ווי אַן עכאָ פון זײַן טאַטנס וואָרעמען זאָג: הער זיך צו צו דער מוזיק!



ס'איז געקומען דער טאָג פון דער אָפּעראַציע. אויף אַ בעטל מיט רעדלעך האָט מען וויערניצקין אַוועקגעראָלט צום אָפּעראַציע־זאַל. אַן אויסטערלישע רויִקייט האָט דורכגעדרונגען דעם שרײַבער.

זײַן גאַנץ פּנים, אַחוץ דעם אויג, איז געוואָרן באַדעקט מיט קישעלעך. מ'האָט אים אין מויל אַרײַנגעגעבן אַ רערל, דורך וועלכן ס'האָט געשטראָמט זויערשטאָף.

מיטאַמאָל האָט זיך אים אויסגעדאַכט, ס'פעלט אים אָטעם!

— כ'האָב נישט מיט וואָס צו אָטעמען, דאָקטער!

— זײַט רויִק, ציט אין זיך אַרײַן וואָס מער זויערשטאָף! באַוועגט זיך נישט!

דער דאָקטער האָט גענומען אײַנשפּריצן אין די אויגן־דעקלעך אַ פריִרנדיקע פליסיקייט. ס'אויג איז פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ פרעמדער, שטיינערנער מאַסע, אײַזערנע שטאַנגען האָבן גענומען קלאַפּן אין איר.

ס'האָט זיך דעם שרײַבער אויסגעדאַכט, ווי עמעץ וואָלט געשיילט ברעקלעך פון אויג און געוואָרפן זיי מיט אַ שטילן געקלימפּער אויף אַ טאַץ.

וויערניצקי האָט געהערט, ווי דער רופא וואָרנט זײַן אַסיסטענטין:

— פאָרזיכטיק מיט דעם אינסטרומענט!

דער שרײַבער האָט אַ ציטער געטאָן. דער דאָקטער האָט אים באַרויִקט:

— נאָך אַ פּאָר מינוט!

די אויגן פאַרדעקט מיט אַ ברייטן באַנדאַזש, האָט מען וויערניצקין צוריקגעראָלט צו זײַן שפּיטאָלענעם בעט. דאָ האָט ער דערפילט די וואַרעמע האַנט פון זײַן פרוי, וואָס האָט געוואַרט אויף אים. ער האָט געדריקט איר האַנט מיט זײַנע ביידע דלאָניעס און אַ שעפּטשע געטאָן:

— גאָט צו דאַנקען, איצט וועל איך שוין זען!

ווי פון זייער ווײַט האָט ער געהערט זײַן פרויס וואַרעמע שטימע. ר׳האָט איר געוואָלט ענטפערן, ער האָט אַ שאָקל געטאָן מיטן קאָפּ און איז אַנטשלאָפן געוואָרן.

ער האָט זיך אויפגעוועקט. אַרום איז געווען אַ דיקער חושך. ר׳האָט גענומען שרײַען מיט אַ ווילדן קול:

כ׳זע גאָרניט, כ׳בין בלינד!

ער האָט דערשפּירט דעם באַנדאַזש אויף זײַנע אויגן. ר׳האָט פּרובירט אים אַ ריס טאָן, גענומען יאָמערן: — כ׳בין בלינד, כ׳בין בלינד!

די קראַנקנשוועסטער איז געקומען צו לויפן: — וואָס איז געשען?

— באַרויִקט זיך! ס׳איז נאַכט. מאָרגן פרי וועט מען אַראָפּנעמען דעם באַנדאַזש!

ווערניצקי איז צוריקגעפאַלן אויף די קישנס.

— כ׳מוז טראַכטן וועגן מאָרגן... לאָמיר זיך דערציילן אַ מעשה און פאַרגעסן וועגן אַלעמען. יאָ, דאָס איז די מעשה: דער טויט האָט איין אויג! דאָס רעכטע אויג לעשט זיך צו ביסלעך אויס — ס׳האָט גענומען אָפּשטאַרבן אין קאָנצענטראַציע־לאַגער. נאָר איין אויג איז פאַרבליבן.

איצט באַגרײַפט ער: בלינדערהייט וואָלט ער נישט געקענט עקזיסטירן. בעסער שטאַרבן ווי לעבן אין אייביקן חושך.

ס׳האָט זיך אים פאַרגלוסט הויך צו לאַכן: — און ער האָט דאָס פאַרהערלעכט ס׳לעבן אין זײַנע ביכער! ס׳איז אַ וויסטער ליגן! ס׳לעבן איז איין שטיק פאַרפוילט, ווערעמדיק פלייש!

ס׳איז געווען די צײַט פון מאָרגן־באַזוך. ס׳האָט זיך באַוויזן קרני באַגלייט פון פינף דאָקטוירים — זײַנע מיטאַרבעטער.

ר׳האָט אַ ריס געטאָן פון שרײַבערס פּנים דעם באַנדאַזש, אַ בלענד, געטאָן מיט זיין עלעקטריש לעמפּל אין אָפּערירטן אויג:

— ס׳איז גוט, מר ווערניצקי.

דער דאָקטער האָט פאַרמאַכט דאָס אָפּערירטע אויג מיט אַ

וואַטע־טאַמפּאָן און קלעפּ־באַנד און זיך צעשמייכלט: — נישט באַוועגן זיך צו פיל! נישט אַראָפּגיין!

קרני איז אַרויס פון זאַל. זײַנע מיטאַרבעטער האָבן אונטערזוכט אַנדערע פּאַציענטן. אין זייער אופן פון באַהאַנדלען די קראַנקע האָט זיך געמערקט דער ווילן צו העלפן און אויך דער דראַנג צו דערגרונטעווען זיך צום שורש פון דער חולאת.

אַ פּאָר טעג שפּעטער איז דער שרײַבער געוואָרן איינער פון די פּילצאָליקע פּאַציענטן, וואָס האָבן געגעסן בײַ אויסגעשטעלטע טישן אין פּאָדער־זאַל און שפּאַצירט אין לאַנגן קאָרידאָר, וואָס איז געלאָפן פאַרבײַ די זאַלן מיט די קראַנקע. דער קאָרידאָר מיט פאַרמאַכטע פענצטער פון איין זײַט און אַ וואַנט אַ באַדעקטע מיט בילדער פון דער צווייטער — האָט זיך געצויגן פון דער שוואַרצער שטוב ביזן אַרויסגאַנג.

בײַטאָג פלעגן די חולאים שפּאַצירן דורכן קאָרידאָר מיט זאַנפטע, פּאַמעלעכע טריט, אַליין אָדער פּאַרלעכווײַז, ענלעך צו מאָנאַכן, וואָס שפּאַנען צו דער תּפילה אין זייערע ווײַסע מלבושים.

דער שײַן פון דער זון איז געפאַלן דורך די שויבן אויף די בילדער און טייל פון די קראַנקע פלעגן זיך אָפּשטעלן באַוווּנדערן די קאָלירן און לייענען די נעמען פון די מאָלערס, וואָס זענען דורכגעגאַנגען אין שפּיטאָל דערפאָלגרײַכע אָפּעראַציעס.

אין אָוונט פלעגן זיך שלײַכן אין האַלב באַלויכטענעם קאָרידאָר די קראַנקנשוועסטערן. אין שײַן פון די קליינע לעמפּלעך האָבן זיי אויסגעזען ווי ווײַסע, גוטע גײַסטער.

פּינקטלעך נײַן אַזייגער אינדערפרי האָבן די דאָקטוירים אונטערזוכט די פּאַציענטן אין אויפנאַם־צימער. דאָס זענען געווען קראַנקע וואָס זענען שוין אַרומגעגאַנגען.. ס'איז געווען דער פינפטער טאָג נאָך דער אָפּעראַציע, ווען וויערניצקי איז אַרײַן אין דער שוואַרצער שטוב. דאָקטער קרני האָט אַ ריס געטאָן דעם באַנדאַזש פון אויג. דער שרייבער האָט אויסגעשריען:

— איך זע! כ'זע!

ער האָט אין פּיאָלעטענעם ליכט דערזען די מענטשן אַרום זיך;

דאָקטוירים און שוועסטערן. די פּנימער זענען געווען קלאָר, ווי פּריש געוואַשן, בולט און קאָלירפול, ווי פון פּופּעס ערשט אַרויס פון די שאַכטלען.

פאַר וויערניצקין איז עס געווען דער גליקלעכסטער טאָג אין זײַן לעבן. די פרוי און קינדער, וואָס האָבן אים באַזוכט זענען געווען אויסער זיך פון שמחה. בײַנאַכט אויפן געלעגער האָט דער שרײַבער זיך דערמאָנט זײַן מאַמעס פרומע רייד: — ס'איז דאָ אַ גוטער גאָט!

אַ צופרידענער איז ער צומאָרגנס אַרײַן אין אויפנאַם־צימער.

ווען מ'האָט באַפרײַט זײַן אויג פון באַנדאַזש איז ער געבליבן שטיין אַ געפּלעפטער: ער האָט דערזען פאַר זיך אַ ווײַסלעכן נעפּל און צונויפגעקלעפּטע שוואַרצלעכע, דינינקע צוויטן, וואָס זענען אַראָפּגעהאָנגען פונעם אייבערשטן טייל פון אויג.

קרני האָט לאַנג באַטראַכט דאָס אָפּערירטע אויג מיט אַ ספּעציעלן לויכטנדיקן אינסטרומענט. נאָך אַ ווײַלע געבעטן די שוועסטער זאָל אַרײַנשפּריצן טראָפּנס צו פאַרגרעסערן דעם שוואַרצאַפּל. איצט האָט ער גענומען אָבסערווירן מיטן עלעקטרישן לעמפּל די אינעווייניקסטע טייל פון אויג.

וויערניצקי האָט דײַטלעך דערהערט, ווי דער דאָקטער פליסטערט צו זיך:

— קרני, פון וואַנען קומט דאָס בלוט?

דעם שרײַבערס האַרץ האָט גענומען האַסטיק קלאַפּן: — אַזוי האָט זיך אָנגעהויבן די געשיכטע מיט זײַן רעכטן אויג! ס'זעט אויס זײַן פאַרגעפּיל האָט אים נישט אָפּגענאַרט.

דער דאָקטער האָט פאַרענדיקט זײַן אונטערזוכונג: — ס'איז דאָ בלוט אין אויג, כ'האָף אַז דער אויסגוס וועט ווערן אַבסאָרבירט...

דורך אַ ווײַלע איז וויערניצקין אויסגעקומען, ער הערט אַ ציטער אין קרניס שטימע.

דער שרײַבער איז אַרויס פון אויפנאַם־צימער און געשפּאַנט דורכן קאָרידאָר. ר'האָט געהערט דײַטלעך אין זיך: — דער טויט האָט איין אויג!

דעם טאָג האָט ער נישט געקאָנט עסן, געווען דערשעפּט, ווי נאָך אַ שווערער פיזישער אַרבעט. בײַנאַכט האָט ער נישט געקאָנט אַנטשלאָפן ווערן.

ער האָט געוואַנדערט דורכן קאָרידאָר, ווי אַן אַרעסטאַנט אין זײַן קאַמער. די קליינע רויטלעכע לעמפּלעך, ווי קראַנקע אויגן, האָבן געקוקט אויף אים מיט שפּאָט: — און דו האָסט געטראַכט, מ׳קען אַנטרינען פון דער שוואַרצער שטוב?

— פאַרוואָס האָט דער גורל אים פאַרמישפּט צום אונטערגאַנג? ר׳איז אַנטלאָפן פון די נאַציס, געראַטעוועט זיך פון לאַגער און איצט מוז ער פאַרלירן די ראיה? פאַרוואָס? מאָדנע, ווען ר׳איז געלאָפן פון איין באַהעלטעניש צום צווייטן איז די אימה נישט געווען אַזוי גרויס ווי איצט... יאָ, זײַן שונא זיצט אין אים. ער, וויערניצקי, איז געפאַנגען אין דער בלוטיקער קליאַטקע פון זײַן אויג ס׳דערוואַרט אים אַ לאַנגע גסיסה... פאַרוואָס, פאַרוואָס מוז ער אונטערגיין?

ער האָט געשפּאַנט אַ צעדולטער מיט גיכע טריט איבערן האַלב פינצטערן קאָרידאָר. אַ קראַנקנשוועסטער האָט אים פאַרהאַלטן, שטיל געבעטן: — גייט שלאָפן, אײַער אויג דאַרף רו.

ר׳האָט זיך אַ קער געטאָן פון איר און מיטאַמאָל איז געקומען די אַנטפּלעקונג: — דאָס בלוט — דאָס זענען דינינקע, רויט־ברענענדיקע הענט פון זײַנע נאָענטע, וואָס זענען אומגעקומען... ער האָט וועגן זיי פאַרגעסן, אָבער זיי געדענקען אים... די דינינקע הענט ציִען אים צו זיך...

ער האָט דערפילט אין האַרצן אַ משונהדיקע, אויסטערלישע טרייסט:

— ער מוז אָפּקומען די זינד, וואָס ר׳איז פאַרבליבן לעבן...

— וועל איך שטאַרבן! — האָט ער געשעפּטשעט צו זיך און דערמאָנט סאָקראַטעסעס לעצטן טאָג.



אַ פּאָר טעג שפּעטער האָט קרני אים אַהיימגעשיקט: — איר

דאַרפט רוען. ס׳בלוט וועט מיט דער צײַט פאַרשווינדן. איר מוזט האָבן געדולד...

דער וואַרעמער טאָן פון דעם דאָקטערס רייד האָט אויפֿגעהײַטערט און באַרויִקט דעם פּאַציענט.

קומענדיק אַהיים האָט דער חולה גענומען יעדן טאָג אָבסערווירן זײַן אויג. יעדע באַוועגונג פון די דינע, צונויפגעקלעפּטע צוויטן, יעדעס אומפאַרהאָפט פינטעלע, אַ ברעקל שאָטן, קורצינקע ליניע אין אויג האָט אים אויפגעשווידערט.

פאַרשידענע ספקות, ווי זלידנע פליגן, זענען באַפאַלן דעם שרײַבער:

— אַפילו אַ פּראָפעסאָר קען זיך טועה זײַן! האָט דען נישט דער פּראָפעסאָר מינץ אים פאַרזיכערט מיט צוויי יאָר צוריק, אַז דאָס רעכטע אויג וועט געזונט ווערן... אַז דער בלוט־אויסגוס אין אויג וועט אַבסאָרבירט ווערן...

ווען דאָס הויזגעזינד איז שוין לאַנג געשלאָפן, פלעגט וויערניצקי וואַנדערן דורך די צימערן. ס׳איז אים אויסגעקומען, ער איז שוין ווידער אין שפּיטאָל־קאָרידאָר. אַ פאַרצווייפלטער האָט ער גערופן גאָט:

— אויב דו דאַרפסט נישט דײַן קנעכט, פאַרטיליק אים וואָס שנעלער!

אָפטמאָל האָט ער זיך אָפּגעשיידט פון דעם האַלב־בלינדן מענטש, ווי אַ נשמה, וואָס לעבט מחוץ דעם גוף: — אויך דאָס וועט אַדורכגיין, הכּל יעבור! דו וועסט לײַדן נאָר אַזוי לאַנג, ווי דו וועסט האָבן אַ קערפּער...

ער האָט זיך געכאַפּט, אַז ער ווערט אַ צעשפּליטערט באַשעפעניש און פאַרבראָכן די הענט: — בין איך אַראָפּ פון זינען?

זײַן פּײַן האָט אים געפירט צו תּפילה, צו געבעט.

אַ פּאָר וואָכן שפּעטער, בײַ דער אונטערזוכונג, האָט דער דאָקטער זיך צעשמייכלט: — ס׳איז דאָ ווייניקער בלוט אין אויג.

ווערניצקי האָט גענומען ציטערן פון שמחה: — די ישועה קומט, כ׳בין אַרויס פון סכּנה!

ס׳האָט נישט גענומען לאַנג און זײַן ראיה האָט זיך פאַרבעסערט. דאָך זענען פון צײַט צו צײַט פאַרבײַגעלאָפן זײַנע אויגן ווײַסלעכע כמאָרעס.

— דער טײַוול לאָזט נישט אָפּ! — פלעגט ער פאַרקריצן מיט די ציין.

פּלוצעם האָט ער געקראָגן ווייטיקן אין ביידע אויגן. כאָטש ס׳איז נישט געווען זײַן „תור״, האָט קרני אים אונטערגעזוכט.

— די שמערצן שטאַמען פון רעכטן אויג.

— ס׳רעכטע אויג שטאַרבט אָפּ און דאָס לינקע מוז לײַדן — האָט געטראַכט דער שרײַבער.

פיר וואָכן שפּעטער האָט דער דאָקטער פעסטגעשטעלט, אַז ס׳בלוט ווערט אַבסאָרבירט און פאַרשריבן אים אַ רעצעפּט פאַר ברילן צו לייענען און שרײַבן. די אותיות, טײַערע אותיות, וואָס האָבן ביז איצט אויסגעמיטן דעם שרײַבערס אויגן, זענען איצט צוריקגעקומען. ער האָט שוין איצט נישט געדאַרפט האַלטן די געדרוקטע ווערטער לעבן זײַן נאָז. די פּשוטע זאַך פון לייענען אַ צייטונג איז פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ קעניגלעכער מאָלצייט.

אַ חודש שפּעטער האָט זיך ווערניצקי גענומען באַקלאָגן אויף דער אָפּטער מוטנעקייט פון זײַן ראיה.

— ס׳בלוט איז נאָך אַלץ דאָ — איז געווען דעם דאָקטערס דיאַגנאָז — די צאָל פון בלוט איז די זעלבע, ווי ס׳לעצטע מאָל.

דורך לאַנגע וואָכן האָט זיך דער מצב נישט געענדערט. ווערניצקי האָט באַמערקט, אַז קרני אונטערזוכט אים איצטער לענגער ווי שטענדיק.

— ס׳איז נישט צוגעקומען קיין נײַ בלוט — האָט דער רופא אַנטפּלעקט די סיבה פון זײַן פאַרשן.

— קען דאָס פּאַסירן? — איז אַ שרעק באַפאַלן דעם פּאַציענט.

— כ׳גלייב נישט, זאָרגט נישט, אַלץ וועט זיין בסדר — האָט אים באַרויִקט דער דאָקטער.

קרניס רייד האָבן געהאַט אַ מאָדנע צויבער־קראַפט. זיי האָבן אָנגעגאָסן דעם חולה מיט גלויבן און זיכערקייט. אָבער נאָר אויף אַ קורצער צײַט. אַ פּאָר טעג שפּעטער איז וויערניצקי ווידער אַרײַן אין פּאַניק:

— די מלחמה הייבט זיך אָן אויפסנײַ און ווער ווייסט צי דער סוף וועט נישט זײַן דער זעלבער, ווי פון רעכטן אויג: נאָך דעם ערשטן בלוט־אויסגוס זענען מיט דער צײַט געקומען אַנדערע....

ער האָט ווי אין פיבער עקזאַמינירט זײַנע אויגן אין פאַרלויף פון טאָג. ר׳האָט אָבסערווירט פּנימער, צי ער זעט זיי אַזוי קלאָר ווי פריִער. געכאַפּט די צײַטונג אין אַ בהלה און זיך אײַנגעביסן אין די אותיות, צי זיי געהערן נאָך צו אים, צי זיי זענען נאָך אַלץ בולט, צי זיי ווערן נישט בלייך און האַלב פאַרשמירט.

זײַן פרוי האָט זיך געבייזערט, אַז ער מאַכט זיך נערוועז און ער האָט זיך געוווּנדערט, ווי נאָענטסטע מענטשן קענען זיך ווערן פרעמד. די פרײַנד האָבן אים דערמאָנט מיט זייער גערעדערײַ די מעכאַנישע אָנגעדרייטע קינדער־שפּילצײַגן. ס׳איז אים אויסגעקומען, די וועלט איז פול מיט אויטאָמאַטן.

פון צײַט צו צײַט איז אים באַפאַלן אַן אימה, אַן אומפאַרהאָפט אומגליק לויערט אויף זײַן פרוי און קינדער.

ער האָט דערזען די נישטיקייט פון זײַן לעבן ביז איצט: ער האָט געפּטרט זײַן צײַט אויף שרײַבן, אָנגעשאָטן גאַנצע בערג פון טויטע אותיות, נישט געלעבט, נישט געזען די וועלט, די גרויסע וועלט, נאָך וועלכער ר׳האָט אַזוי געבענקט.

ס׳איז געווען אַ טאָג אין מאַי, פינף חדשים נאָך דער אָפּעראַציע. ר׳איז פרי אויפגעשטאַנען, גענומען, ווי שטענדיק באַטראַכטן זײַן אויג. באַוויגן עס אין אַלע ריכטונגען, געזוכט ענדערונגען, נײַע פּונקטן אָדער פלעקן. מיטאַמאָל איז אים אַדורך אַ פריידיקער ציטער: די דינע שוואַרצע צויטן זענען פאַרשוווּנדן.

— ס׳איז ריין, ריין! — האָט ער אויסגעשריען — איז עס מעגלעך?

קרני האָט אים רויִק אונטערזוכט, לענגער ווי שטענדיק. ס׳האָט

זיך וויערניצקין אויסגעדאַכט, אַז די בדיקה וועט זיך קיינמאָל נישט ענדיקן.

— דאָס בלוט איז געוואָרן פולשטענדיק אַבסאָרבירט — האָט דער דאָקטער אויסגערופן. אַ צעשטראַלטער, האָט ער גענומען דעם שרײַבער אונטערן אָרעם און אַרויסגעפירט אים פון דער שוואַרצער שטוב דורכן לאַנגן קאָרידאָר צום אַרויסגאַנג — צו דער זוניקער שיין פון מאַי־טאָג.

# נחום

די מינוט, ווען ר׳האָט דערזען ס׳עופהלע אין שפּיטאָל לעבן זײַן טאָכטער, האָט זײַן האַרץ גענומען האַסטיק קלאַפּן. עס האָבן געקוקט אויף אים צוויי בלויע אייגעלעך, וואָס זענען אים געווען אויסטערליש נאָענט. זיי האָבן אים עמעצן דערמאָנט. נישט זײַן טאָכטער און אויך נישט דער איידעם האָבן אַזעלכע אויגן.

ווען מ׳האָט ס׳קינד געבראַכט אַהיים איז אים אַלץ געוואָרן קלאָר. דאָס קליינע מויל, דאָס אַרויפגעשאַרצטע נעזל, די אויגן... דאָס מענטשעלע האָט אים דערמאָנט זײַן טאַטן.

די טאָכטער האָט גערעדט צו אים. ער איז געווען אַזוי גערירט, אַז ר׳האָט נישט געקאָנט אַרויסברענגען קיין וואָרט אויף די ליפּן.

— אבא, מיר האָבן שוין אַ נאָמען פאַר אונדזער קינד...

דער פאָטער האָט געוואָלט איבעררייסן און נישט געקאָנט.

— דער נאָמען, אבא...

— כ׳ווייס — האָט דער טאַטע אַרויסגעמורמלט — כ׳ווייס...

די טאָכטער האָט אויפגעשטעלט אויף אים אַ פּאָר אויגן: — פון וואַנען ווייסטו?

מיט אַ ציטער האָט ער אַרויסגערעדט:

— דײַן זיידע און מײַן טאַטע האָט געהייסן נחום. לאָמיר ס׳קינד געבן זײַן נאָמען.

— דאָס איז אַ גלות־נאָמען, אבא. אין ישראל גיט מען נישט די קינדער אַזעלכע נעמען. מײַן קינד וועט הייסן אורי.

דער טאַטע איז פאַרציטערט געוואָרן. ער האָט געעפנט ס׳מויל און געוואָלט זיך אַקעגנשטעלן. ער איז אָבער געבליבן זיצן ווי געליימט. ס׳האָט גענומען אַ לענגערע צײַט ביז ר׳איז געקומען צו זיך. ער האָט זיך געזעגנט מיט זײַן טאָכטער און איז אַרויס אין גאַס.

— די נשמה פון זײַן טאָטן האָט אַראָפּגעגנידערט אויף דער ערד און מ׳וויל איר געבן אַ פֿאַלשן נאָמען. ער וועט נישט דערלאָזן. די טאָכטער וועט נישט מסכּים זײַן. זי איז אײַנגעשפּאַרט ווי אַלע סאַברעס. זי וועט אָפּוואַרפֿן זײַן ביטע און צווישן אים און איר וועט זיך שטעלן אַ נײַע וואַנט.

ער האָט זיך באַרוּיקט. ער האָט איצט פֿאַרבראַכט אין דער טאָכטערס הויז מער ווי בײַ זיך אין שטוב. ער האָט זיך געפֿרייט ווען דאָס קינד האָט געשמייכלט, זיך מצער געווען, ווען דאָס דרויבעלע האָט נישט געוואָלט עסן.

ווען קיינער איז נישט געווען אין צימער האָט ער גערעדט צום קינד, אַראָפּגערעדט זיך פֿון האַרצן.

אומדערוואַרט איז אַמאָל אַרײַן די טאָכטער. זי האָט זיך הויך צעלאַכט: — דו דערציילסט אים וואָס האָט פּאַסירט, ווי דאָס פּיצעלע וואָלט געווען אַ דערוואַקסענער מענטש.

דער טאַטע, האָט מיט אַ שמייכל איר געענטפֿערט: — דאָס קינד באַנעמט מער ווי דו שטעלסט זיך פֿאָר.

ווען קיינער האָט נישט געזען האָט ער געקושט די הענטלעך פֿון דרויבעלע און געשעפּטשעט: — טײַערער טאַטע מײַנער.

ווען ס׳קינד איז געווען נישט געזונט פֿלעגט ער אָפּזיצן שעהען בײַם קינדס בעטעלע, געזעסן און געציטערט.

— אבא, היט דײַן געזונט — פֿלעגט וואָרענען אים די טאָכטער — לעג זיך צו! דו וועסט פֿאַרמאַטערט ווערן!

האָט זי אים געקענט באַנעמען?

אין געזעלשאַפֿט פֿון קינד פֿלעגט דער אַלטער מאַן פֿאַרגעסן די צײַט, פֿאַרגעסן זײַנע זאָרגן, זײַנע מיחושן. ער האָט עקזיסטירט אין אַ וועלט, וואָס איז געווען לויטער שמחה. דער גרעסטער טייל פֿון זײַנע פֿרײַנד איז שוין געווען אויפֿן עולם האמת. די פּאָר וואָס האָבן נאָך געלעבט האָבן געוואַרט אויפֿן טויט אין די זקנים־הייזער.

ווען ר׳האָט זיך אָפּגעריסן פֿון קינד, האָט די וועלט געקלאַפּט מיט אַ טונקעלן טיק־טאַק פֿון אַן אַלטן, קראַנקן זייגער. דאָס

דרויבעלע האָט אים אַרויסגעריסן פון טרויער און עצבות. ס'איז פאַר אים געווען אַ פרייד ווען ער האָט עס געקאָנט אָנרירן און קושן אָן אַ סוף.

די ווייכע אומבאַהאָלפנקייט פון פיצעלע האָט אים דערמאָנט די קינדער, וואָס מ'האָט געפירט צו דער גאַז־קאַמער אין אוישוויץ, און קושנדיק ס'דרויבעלע האָט ער געפילט, ווי ר'וואָלט געצערטלט די קינדער פון קאָנצענטראַציע־לאַגער.

אין די נעכט, ווען ר'האָט נישט געקענט אַנטשלאָפן ווערן, האָט ער געטראַכט וועגן נחומען, זײַן פאַרשטאָרבענעם טאַטן.



נחום האָט געשטאַמט פון אַ מיוחסדיקער משפחה אין ליטע, פון לומדים און רבנים, וואָס האָבן געצויגן זייער יחוס פון רמ"א, וועלכער איז געווען אַן אָפּצווײַג פון רש"י. צו אַכצן יאָר האָט נחום געקראָגן סמיכה אויף רבנות, אָבער נישט געוואָלט ווערן קיין רב. מ'האָט אים געשדכנט די טאָכטער פון „חפץ חיים" אָבער ס'מיידל איז אים נישט געפעלן.

מיט דער צײַט איז ער געוואָרן אַ משכיל. נישט פאַרפעלט אָבער קיין דאַווענען און אויך נישט קיין בלאַט גמרא. ער האָט געגלייבט אין אַסטראָלאָגיע, אַז דעם מענטשנס גורל איז פאַרבונדן מיט די שטערן. ליב געהאַט צו דערציילן מעשיות פון רביים און נישט איינמאָל געלאַכט פון געוויסע מופתים. אין דער זעלבער צײַט פאַרטיפט זיך אין קבלה־ספרים און פאַרגעטערט דעם דרך פון קאָצקער רבין. ער איז געווען באַגײַסטערט פון די נײַעסטע אַנטדעקונגען פון פיזיקע און כעמיע און האָט געקאָנט שעהענווײַז פאַרברענגען מיט סטודענטן און אײַנהאָרכן זיך אין די לעצטע דערפינדונגען. בײַ דער געלעגנהייט פלעגט ער שטענדיק דערמאָנען בוואָלזאָנען, וועלכער האָט אויסגעביטן דאָס רענדל, טענהנדיק, ס'איז בעסער צו זײַן אַ פּראָפעסאָר אין פעטערסבורג, ווי אַ מלמד אין איישישאָק.

היסטאָריע איז געווען בײַ נחומען, צווישן אַנדערע, די באַליבטע טעמע פון זײַנע שמועסן. ער האָט פאַרבליפט מיט זײַנע מעשיות וועגן די רוסישע צאַרן און אויך אַלטע אָדער אויפגעקומענע לאָדזשער גבירים. ער האָט אויסגעצייכנט געקענט זייער גענעאַלאָגיע און די פאַרשידענע וועגן פון זייער אויפשטײַג. ער איז געווען פול מיט התפעלות פאַר דער העברעיִשער און רוסישער פּאָעזיע. אַן אוהב נגינה, האָט ער קיינמאָל נישט פאַרפעלט צו הערן יעדן נײַעם חזן, וואָס איז געקומען אין שטאָט. געהאַט אַ חוש פאַר שיינקייט. ליב געהאַט אָבסערווירן די נאַטור און אויך שיינע פרויען. ער איז געווען אַ מבין אויף איידלשטיינער און זײַנע פרײַנד פלעגן זיך מיעץ זײַן מיט אים, ווען זיי האָבן געהאַלטן בײַ קויפן אַ בריליאַנט.

ער האָט זיך עלעגאַנט געקליידט. געטראָגן אַ שוואַרצע טוזשורקע, אַ הויך קעלנערל, אַ קראַוואַט דורכגעשטאָכן מיט אַ פּערל־שפּילקע און האַרטן מעלאָניק־הוט. ער פלעגט פון צײַט צו צײַט פאַרקעמען זײַן שפּיציק בערדל „אַלאַ קינג דזשאָרדזש" מיט אַ קעמל, קוקנדיק אין אַ שפּיגעלע, וואָס ר'האָט שטענדיק געטראָגן בײַ זיך. צו פיר און צוואַנציק יאָר האָט נחום חתונה געהאַט מיט אַ טאָכטער פון אַ לאָדזשער פאַבריקאַנט, די שוואַרצהאָריקע, שלאַנקע פרוי האָט ליב געהאַט צו פאַרברענגען אין קאַפע־הייזער, גיין אין טעאַטער, אויף בעלער, לייענען ראָמאַנען.

ס'איז אַדורך אַ יאָר, נחום האָט מיטאַמאָל דערזען אַז פון נדן, וואָס ר'האָט באַקומען, איז פאַרבליבן אַ צענדליק רובל. ס'האָט זיך אים אין די אויגן אַ וואָרף געטאָן דער מעמד אין שטוב, די פאַרוואָרלאָזטע ווירטשאַפט, די אַפּאַטיע פון משרת, וואָס דרייט זיך אַרום פוסט און פאַסט. ער האָט דערזען די צעוואָרפענע אומעטום קליידער פון זײַן פרוי. ער האָט גענומען מוסרן זײַן פרוי. זי איז נישט געבליבן אים שולדיק: — אין די בעדער בין איך שוין אַמאָל געפאָרן? אַ דאַטשע האָב איך שוין אַמאָל דערזען?

—וואָס מיינסטו? — האָט ער זיך צעשריגן — דאָס געהאַלט, וואָס כ'קריג בײַ דײַן טאַטן, סטאַיעט נישט אויף לוקסוס...

— אַזוי גאָר? — איז זי געוואָרן מלא כּעס — ווער הייסט דיך אַרבעטן בײַם טאַטן, ליגן אויף עמעצנס פּלייצעס!

ס'האָט נישט גענומען לאַנג און דאָס פּאַרפּאַלק האָט זיך צעשיידט.

נחום איז אַוועק קיין פּיעטרקאָוו, געוואָרן אַ בוכהאַלטער בײַ די „ברידער קאָופמאַן". די אייגנטימער האָבן אים זייער געשעצט, געהאַלטן פון אים עולם ומלואו. נאָך אַ יאָר צײַט האָט ער זיך איבערגעקליבן קיין ביאַליסטאָק, געוואָרן דאָרט דער בוכפירער פון דער שטאָטישער „קאָראָבקע" — די פלייש־טאַקסע. ער האָט גוט פאַרדינט, פאַרקערט אין דער בעסטער געזעלשאַפט. ער האָט זיך באַקענט מיט אַ „פּאָדראַטשיק" פאַרן רוסישן מיליטער און דער האָט אים פאָרגעשלאָגן צו ווערן זײַן געהילף. נחום האָט מסכּים געווען. ער האָט פאַרלאָזט זײַן שטעלע בײַ דער „קאָראָבקע" און איז אַריבערגעפאָרן קיין ראָוונע, ווו דער „פּאָדראַטשיק" האָט געפירט זײַנע געשעפטן. נחום האָט מיט זײַנע אַריסטאָקראַטישע מאַניערן און פּליסיקן רוסיש זיך פאַרשאַפט אַ סך פרײַנד צווישן די העכערע רוסישע אָפיצירן.

אײַנגעלאַדן צו איינעם פון די באַלעבאַטים פון דער שטאָט, האָט ער דאָרט געשלאָסן אַ באַקענטשאַפט מיט אַ סוחר פון דער ערשטער „גילדע". דער האָט אים אָנגעבאָטן אַ שטעלע פון אַ פאַרוואַלטער פון זיין טוך־פאַבריק אין באַראַנאָוויטש.

צומאָרגנס האָט זיך נחום געזעגנט מיטן דערשטוינטן „פּאָדראַטשיק", און בײַנאַכט זיך אַ לאָז געטאָן צום וואָקזאַל. דער שנעלצוג איז געלאָפן אין דער פינצטער. מיט פאַרשלאָסענע אויגן האָט זיך נחום אײַנגעהערט אין דעם קלאַפּן פון די רעדער — וווּהין, וווּהין? צו וואָס און צו ווען? צו וואָס און צו ווען?



ער איז אַ קליין ייִנגל. ער שיפלט זיך אויפן טײַך. אומבאַהאָלפן קלאַפּט ער מיט די וויאָסלעס אין וואַסער. דאָס שיפל וואַקלט זיך. דאָ אויף לינקס, ווידער אויף רעכטס. גיך רײַסט זיך אַרײַן דאָס

וואַסער אין שיפֿל, אָט, אָט וועט עס אײַנזינקען אין תהום. ס׳ייִנגל ציטערט פֿון אימה. פּלוצעם כאַפּן אים צוויי פֿרויען־אָרעמס און טראָגן אים אַרויס אויף דער יבשה. די פֿרוי איז שלאַנק, שוואַרץ־האָריק. פֿון אירע אָרעמס שלאָגט אַ ליכטיקע וואַרעמקייט.

נחום האָט זיך אויפֿגעוועקט. זײַן האַרץ האָט האַסטיק גענומען קלאַפּן. דער צוג האָט פֿאַרלאַנגזאַמט זײַן גאַנג. ס׳האָבן אויפֿגעטויכט די ליכט פֿון אַ סטאַנציע. נחום האָט אַ כאַפּ געטאָן זײַן וואַליזקע און איז אַראָפּ. מיט דעם פֿרימאָרגן־צוג איז ער אַוועק קיין לאָדזש.

די מוטער האָט אים אויפֿגענומען מיט אָפֿענע אָרעמס: — ענדלעך ביסטו דאָ! געלויבט צו גאָט!

זי האָט מלא שמחה געגרייט פֿאַרן זון פֿרישטיק. זיי האָבן געגעסן און געשמועסט. דער זון האָט געשניטן אַ פֿענעץ ברויט. די מאַמע האָט דערציילט: — דײַן געגטע פֿרוי האָט שוין אַ מיידעלע פֿון צוויי יאָר. זי האָט חתונה געהאַט גלײַך ווי דו ביסט אַוועק.

נחום האָט פֿאַרקוועטשט ס׳מעסער אין זײַן דלאָניע. אַנשטאָט אַרײַן אין ברויט איז ס׳מעסער אַרײַן אין זײַנע פֿינגער. ס׳האָט זיך באַוויזן בלוט.

נחום האָט געקויפֿט צוזאַמען מיט אַ מאַנופֿאַקטור־סוחר אַ הויז מיט אַכט וווינונגען. ס׳האָט אויסגעבראָכן די ערשטע וועלט־מלחמה און דער סוחר האָט זיך געניייטיקט אין געלט. ער האָט גענומען פֿרעסן אויף נחומען צו פֿאַרקויפֿן די פּאָסעסיע. צוערשט האָט נחום נישט געוואָלט נאָכגעבן. צום סוף אָבער האָט ער מסכּים געווען. ס׳איז געקומען די אינפֿלאַציע און ס׳געלט האָט פֿאַרלוירן די ווערט.

נחום האָט פֿאַר די מאַרקן געקויפֿט אַן אַנצוג.

ער איז געוואָרן אַ מעקלער פֿון הײַזער. אָפֿט האָבנדיק אַ קאָמעניצע צו פֿאַרקויפֿן, פֿלעגט ער איבערגעבן אַלע פּרטים אַ צווייטן פֿאַרמיטלער, גרייט זיך מיט אים צו טיילן מיטן פֿאַרדינסט. און נישט איין מאָל האָט פּאַסירט, אַז דער חברה־מאַן האָט אָנגעזעצט, נישט געבנדיק נחומען קיין איין גראָשן.

נחומס פרײַנד זענען געװען אױסער זיך: — רופט אים צום בית־דין, קלאָגט אים אײַן, דעם מנוול.

— זאָל ער גײן צום טײַװל! — פלעגט זאָגן נחום.

מ׳האָט אים געשדכנט פאַרשידענע שידוכים.

— ס׳איז נישט פאַר מיר — איז געװען זײַן ענטפער.

די יאָרן זענען געלאָפן. נחומס מוטער איז געשטאָרבן. נחום האָט חתונה געהאַט מיט אַ פאַרזעסן, פערציק־יאָריק מײדל. די װאָס האָבן געקענט דעם מאָדנעם ליטװאַק האָבן זיך געװוּנדערט:

— קוק, װעמען ער האָט דאָס גענומען פאַר אַ פרוי!

— זע, װי אָפּגעלאָזן ער איז! נישט דער זעלבער נחום!

— זעסט זײַן פאַרשטױבטן הוט!

— דעם אָפּגעטראָגענעם אַנצוג!

נחום האָט געעפנט אַ שפּײַז־קראָם און זײַנע פרײַנד האָבן געשאָקלט מיט די קעפּ: — װאָס פון אַ מענטש קען װערן!

— זעסט זײַן הולך!

— דאָס שמוציקע רעקל!

— די בלױע, מידע אױגן!

מיטאַמאָל האָט אַ גליק געטראָפן נחומען: זײַן װײַב איז געװאָרן שװאַנגער. אױף דער װעלט האָט זיך באַװיזן אַ ײנגעלע. די שמחה פון די עלטערן איז געװען אין לשער. מ׳האָט דעם קינד אַ נאָמען געגעבן הערש נאָך אַ זײדן. מ׳האָט דעם ײנגל געקוקט אין די אױגן אַרײַן. װען ס׳קינד איז קראַנק געװען האָט מען גלײַך געשיקט נאָך דעם בעסטן דאָקטער אין דער שטאָט. די מאַמע איז געשטאַנען לעבן בעטל און געבראָכן מיט די הענט און דער דאָקטער, אַ שמײכלענדיקער, האָט געהאַלטן אין אײן פאַרזיכערן, אַז דער תכשיט װעט גיך געזונט װערן.

דאָס קינד איז אױסגעװאַקסן אַ הױכער, געראָטענער בחור. אַ גוטער תּלמיד אין דער שולע, האָט ער נישט ליב געהאַט צו דאַװענען. די אָװנטן פלעגט ער פאַרברענגען אין „גאָרדאָניע״ און אַהײמקומען אַ צעפלאַמטער, געזונגען העברעיִשע לידער און דערצײלט װעגן די חלוצים.

ס׳איז געקומען דאָס יאָר 1939. היטלערס אַרמיי איז אַרײַן אין לאָדזש. דינאַמיט־אויפרײַסן האָבן געהילכט פון ווײַטן. קנוילן רויך האָבן זיך באַוויזן אויפן הימל. פאַר נחומס קראָם איז געשטאַנען אַ פור, פול מיט זאַכן: אַלטע בעטן, צעריסענע שטרויזעק, טעפּ, ספרים און גמרות, באַדעקטע מיט אַלטע צײַטונגען, צעריסענע קליידער.

נחום און זײַן הויז־געזינט זענען אַרויף אויף דער פור, דער באַלעגאָלע האָט אַ קלאַפּ געטאָן מיט דער בײַטש דאָס אויסגעדאַרטע פערדל.

זיי זענען אַרײַן אין געטאָ. דאָס בוידעם־שטיבל, וואָס זיי האָבן באַקומען האָט געוואָרפן אויף זיי אַ מרה שחורה. די שפּײַז־„ראַציעס״ פלעגן זיי גיך אויפעסן און די וואַסערדיקע זופּן האָבן נישט געסטײַעט צו שטילן דעם הונגער.

ס׳איז געקומען דער ווינטער. די קעלט איז געווען גרויס און ס׳איז נישט געווען מיט וואָס צו הייצן. דער שניי האָט אַרײַנגעטריפט דורכן לעכערדיקן דאַך. דער סטרוזש, וואָס איז געקומען אים פאַרריכטן האָט דערזען נחומען זיצן בײַ דער גמרא.

— וואָס איז מיט אײַך, ר׳ ייִד! — האָט ער זיך געוווּנדערט, — וואָלט נישט בעסער געווען איר זאָלט פאַרקויפן אייערע גמרות אויף מאַקולאַטור־פּאַפּיר און האָבן פאַר אײַך און אײַער משפחה שפּײַז פאַר פינף טעג און אפשר מער...

נחום האָט זיך אַ ריס געטאָן פון אָרט:

— אַרויס פון דאַנען אויסוווּרף, נבילה!

נחומס געל און אויסגעצערט פּנים האָט געציטערט פון כּעס.

אין איינעם אַן אָוונט, ווען זײַן פרוי איז געקומען פון איר אַרבעט אין „שניידער־רעסאָרט״, האָט זי געפונען איר מאַן ליגן מיטן פּנים אויף דער גמרא. אויף איר געשריי האָט ער נישט געענטפערט. ער איז געווען ווײַט פון איר אין אַ בעסערער וועלט.

# דער צעשייד

יענעם יאָר, שפּעט אין דעצעמבער האָט דער רעגן געהאַלטן אין איין פּאַלן. אפרים איז געזעסן אויפן פּאַרדעקטן בעט און זיך איינגעהערט אין מאָנאָטאָנעם כליאָפּ. זיין חבר אַקעגנאיבער אים, ביי דער צווייטער זייט פון צימער, איז געלעגן אויף זיין געלעגער פּאַרטיפט אין אַ בוך. די נאַכט איז געשטאַנען אין פענצטער. אין די שויבן האָבן געקלאַפּט די וואַסער־טראָפּנס.

אפרים האָט געוואָרפן זיין בליק אויפן זאַק מיט מאַראַנצן, וואָס איז געשטאַנען אין ווינקל פון צימער און געטראַכט, אַז זיין ביישלעפער איז פאַרזאָרגט מיט שפּייז אויף אַ לענגערער צייט: ברויט מיט מאַראַנצן — אַ קעניגלעכע מאָלצייט!

אָט איז ער, אפרים, שוין אַרבעטסלאָז אַ וואָך צייט. נישטאָ קיין אַרבעט ביים כביש און אויך נישט ביים בנין. די אַראַבער האָבן מיט עטלעכע טעג צוריק דערהרגעט דריי ייִדן — קרעמערס אין יפו... אפרים האָט געזען ווי אַ המון פון דערצערנטע ייִדן האָט פאַרהאַלטן אַן אויטאָבוס אויף אַלענבי גאַס, באַפוילן די פּאַסאַזשירן אַרויסגיין, אַריינגעריסן זיך אין די אָפענע טירן און געצווונגען דעם שאָפער פאָרן קיין יפו.

— ייִדיש בלוט איז נישט הפקר!

— בלוט פאַר בלוט!

די קולות האָבן דערמאָנט אפרימען די געשרייען, וואָס ר'האָט געהערט ביי דער מאַסן־פאַרזאַמלונג, מיט עטלעכע וואָכן צוריק, ווי אַ דעלעגאַט פון די שפּאַנישע לאָיאַליסטן האָט אויפגעברויזט דעם המון מיט זיין רוף צו העלפן דער רעפּובליקאַנער אַרמיי קעגן גענעראַל פראַנקאָ. אַ הויכער, בלאָנדער יונגערמאַן, ענלעך מיט זיין געשטאַלט צו אַ גריכישער סקולפּטור, האָט

אויסגעשפרייט זײַנע אָרעמס און זײַן געשריי האָט זיך געטראָגן ווי אַ דונער איבער די הונדערטער קעפּ:

— חברים, העלפט פאַרלענדן די מערדערס, וואָס שטורעמען מאַדריד!

די מאַסע האָט זיך אַ וויג געטאָן, ווי אַ רייזיקע ים־כוואַליע:

— אַ טויט דעם גענעראַל פראַנקאָ!

— לעבן זאָל די שפּאַנישע רעפּובליק!

אַ מאָדנער אומעט האָט דורכגענומען אפרימען: די לאָיאַליסטן האַלטן מלחמה אין שפּאַניע, די ייִדן קעמפן אין יפו און אין אַנדערע מקומות און ער? ער שטייט און קוקט זיך צו קאַלט, ווי אַ מענטש פון אַן אַנדערער פּלאַנעט. איז ער שטענדיק געווען אַזוי פרעמד צו אַלעם וואָס פּאַסירט אַרום אים?

ער האָט זיך דערזען אין געשטאַלט פון אַ הונט, וואָס לויפט אַרום אין גאַס, אַרומניוכענדיק יעדעס לאָך צו געפינען אַ פעטן ביין.

ער האָט גוט געוווּסט, אַז איין בריוול זײַנס צום טאַטן אין פוילן קען אים ברענגען אַ שיינע מטבע, אָבער ר׳איז געווען צו שטאָלץ צו בעטן זײַן פאָטערס הילף. ער האָט אויך גוט געקענט זײַן בײַשלעפער, אַז ער וועט אים נישט לאָזן הונגערן. אָבער אויך דער געדאַנק איז אים געווען דערווידער׳ — ער דרייט זיך אַרום שוין דאָס צווייטע יאָר אין לאַנד מיט זײַן לערער־דיפּלאָם אין טאַש און קען נישט קריגן קיין אַרבעט. די דירעקטאָרן פון די שולן האַלטן אין איין צוזאָגן אים און ס׳קומט פון דעם גאָרנישט אַרויס.

דער רעגן האָט געקלאַפּט אין די שויבן. אפרים האָט דערשפּירט, אַז נישט די טראָפּנס פּויקן, נאָך די בענקשאַפט קלאַפּט אין פענצטער׳

ער האָט פאַרשלאָסן די אויגן און אַ שעפּטשע געטאָן: — קום אַריין! כ׳וואַרט אויף דיר!

זי איז אַריין אין שטוב אויף די שפּיץ פינגער. זי האָט געהאַט דאָס געזיכט פון אַ מיידל, וואָס איז געבליבן אין פוילן.

ס׳האָבן זיך צעבלויט סאָניעס אויגן, ס׳האָבן אַ ציטער געטאָן אירע סענסיטיווע ליפּן...

ערב זײַן רײַזע קיין ארץ־ישראל, איז ער געקומען זיך געזעגענען. אין צימער האָט ער געטראָפן סאָניעס מוטער און אַ קרובה, וואָס איז ערשט געקומען אויף אַ וויזיט קיין פּוילן פון ארץ־ישראל.

— אַזוי, איר פאָרט אין אונדזער לאַנד — האָט זיך די פרוי אויפגעהויבן פון שטול — טאָ זעצט זיך אַוועק און רוט זיך אויס, ווײַל איר וועט זיך גענוג אָנהאָרעווען אין פּאַלעסטינע.

די מוטער און דער גאַסט זענען אַוועק. ער איז פאַרבליבן אַליין מיט סאָניען. אין זײַן פאַרלעגנהייט האָט ער נישט געוווּסט, וואָס צו זאָגן. מיטן געמיט איז ער שוין געווען ווײַט פון איר. זײַנע געדאַנקען זענען געלאָפן ווי צעבאַלעוועטע קינדער, וואָס יאָגן נאָך אַ שפּילצײַג. פאַר זײַנע אויגן האָט זיך געכוואַליעט דער ים, וואָס זאָל אים ברענגען צום ווײַטן לאַנד, אין זײַנע אויערן האָט שוין געררוישט דער ווינט פון פרײַהייט.

ער האָט גענומען דערציילן סאָניען אַ לאַנגע געשיכטע וועגן זײַנע חברים, וואָס קענען אין פּוילן נישט געפינען קיין אַרבעט און דערזען דעם מיידלס שטאָרן בליק.

אירע ליפּן האָבן אַ ציטער געטאָן, ווי זי וואָלט געוואָלט עפּעס זאָגן און נישט געקענט אַרויסברענגען פון מויל דעם מינדסטן קלאַנג. אין יענער מינוט האָט ער זיך דערמאָנט אָן אַ סקולפּטור, וואָס ר׳האָט דערזען מיט יאָרן צוריק אין דער וואַרשעווער „זאַכענטאַ שטוק פיענקניך״: אַ פרוי קלאַמערט זיך מיט ביידע הענט אָן אַ מאָן, וואָס שפּאַנט פאָרויס. זי באַמיט זיך מיט אַלע כּוחות אים צוריקהאַלטן. איר פּנים איז שטאַר פון אָנשטרענגונג, אירע געשפּאַנטע הענט זענען פול מיט אָנגעדראָלענע אָדערן.

קוקנדיק דאָן אויף סאָניען, איז אים באַפאַלן אַ צאָרנדיקער אימפּולס: אַ כאַפּ טאָן די קרישטאָלענע וואַזע, וואָס איז געשטאַנען לעבן אים אויפן טיש און זי אַ זעץ טאָן אָן דער ערד, — האָט

סאָניע אים געוואָלט האָבן, פאַרוואָס האָט זי נישט אַרויסגעשריען איר פאַרלאַנג ?

— אַ נאַיווע פראַגע ! זי האָט קיינמאָל נישט אויפגעהויבן איר שטימע, אַפילו דאַן, ווען זי איז געווען אין כּעס. זי פלעגט צונויפפּרעסן אירע ליפּן און נישט אַרויסזאָגן קיין וואָרט. אירע אויגן זענען געוואָרן גרינלעך־בלוי. מ׳האָט געקענט באַמערקן איר שנעלן אָטעם. זי פלעגט אַ קער טאָן איר פּנים אָן אַ זײַט. אַ פּאָר מינוטן שפּעטער איז זי שוין געווען די זעלבע סאָניע : אַ שטילע טויב.

איצט האָט אפרים קלאָר דערזען, אַז איר צוזיבער איז באַשטאַנען אין איר פּאַסיווער ווײַבלעכער ווייכקייט, וואַרעמקייט פון איר בליק און אינערלעכער פרייד, וואָס האָט געוואַרט יעדע מינוט אַרויסצושפּרינגען מיט אַ געלעכטער.

אין דער שולע, ווו אפרים האָט פאַרבראַכט זײַנע קינדער־יאָרן, איז איידלקייט און שוואַכקייט געווען אַ שאַנדע. דער אידעאַל איז געווען פיזישער כּוח, און אפרים האָט נישט איינמאָל געכאַפּט קלעפּ פון די שטאַרקערע קינדער. אין דער גימנאַזיע, ווו ר׳איז געווען געשעצט פון די לערערס, איז ער נישט איינמאָל געוואָרן אויסגעלאַכט פון די קאָלעגן, וועלכע האָבן געווײַכט פון דעם שוואַכלינג. זייער געטש איז געווען אַ ספּאָרטלער. וואָס ווײַטער אפרים איז אַרײַן אין לעבן, אַלץ מער האָט ער אַנטפּלעקט די פאַרשיידענע פאָרמען און ניואַנסן פון מענטשלעכער רשעות.

אין אַ געוויסן זינען איז די מילדקייט פון סאָניען געווען אַ סורפּריז פאַר אים. איר שמייכל, אירע בלענדיק־ווײַסע הענט האָבן געאָטעמט מיט גוטסקייט. יאָ, זי האָט אים דערמאָנט זײַן מאַמען.

ס׳האָבן אויפגעטויכט אין אים דעראינערונגען פון זײַנע קינדער־יאָרן. ער האָט דערזען פאַר זיך דאָס גרויסע פאַרגלאָזטע בילד, וואָס איז געהאַנגען איבערן טאַטנס שרײַבטיש. שוואַרצע לאַטײַנישע ווערטער זענען געלאָפן לענג אויס דעם בילד :

די פּאַנאָראַמע פון הייליקן לאַנד.

דער פּאָטער פלעגט ווײַזן דעם קינד די פאַרגילדעטע, אַלטע הײַזער פון ירושלים, די הויכע, שוואַרצלעכע מויערן פון מצודת דוד, די פעלדזיקע שטיינער פון כותל המערבי.

דער טאַטע האָט דערציילט דעם קינד: — אין ירושלים איז געשטאַנען דער גרויסער פּרעכטיקער פּאַלאַץ פון שלמה המלך.

דאַן האָט דער פּאָטער געוויזן אפרימען די הויכע, ברוינע בערג, דעם סיני־באַרג, וווּ גאָט האָט געגעבן די ייִדן די עשרת הדברות. צום סוף האָט דער פּאָטער געפירט די פינגער איבער אַ ברייטער בלויער וואַסערסטענגע:

— דאָס איז דער ים, דער ים הגדול!

ווען דער פּאָטער איז נישט געווען אין דער היים, פלעגט ס'ייִנגל אַרויפקלעטערן פון שטול אויפן שרײַבטיש און לויפן מיט די פינגער איבערן תּכלתדיקן וואַסער:

— איך פאָר אויף אַ גרויסער שיף צו שלמה המלך! כ'וועל זיצן אין זײַן פּאַלאַץ!

אפרים האָט אַ שמייכל געטאָן: — אָט זיצט ער טאַקע אין דער שיינער סאַלע... און וואַרט אויפן קיניגלעכן מאַלצייט...

דער שמייכל איז פאַרשוווּנדן פון זײַן פּנים, ווען ער האָט זיך דערמאָנט ווער עס קיניגט הײַנט אין לאַנד פון שלמה המלך.

ער האָט דערזען די דרײַ ענגלישע אָפיצירן אויף פערד, וועלכע האָבן זיך באַוויזן עטלעכע שעה נאָך דעם מאָרד אין יפו. די ענגלענדער זענען אַראָפּ פון די סוסים אויפן פלעצל צווישן אַלענבי און נחלת־בנימין־גאַס. זיי האָבן געהייסן זיך דערלאַנגען שטולן פון דער נאָענטער מסעדה און זיך באַזעצט אויפן טראָטואַר מיט שטעקעלעך מיט זילבערנע גאַלקעס אין די הענט. מיט שטײַפע פּנימער און אײַז־קאַלטע אויגן האָבן זיי אָבסערווירט די פאַר־בײַגייערס. דער עולם האָט זיי געלאַכט אין די פּנימער אַרײַן, שפּאָטיש געטײַטלט אויף זיי, פון ווײַטנס, מיט די פינגער.

— אָט דאָ זוכן זיי די אַראַבישע מערדערס!

— אײַער מלכות וועט שוין לאַנג נישט אָנהאַלטן!

— הינטישע זין, ס'וועט קומען אויף אײַך אַ מיאוסער סוף!

די ענגלישע אָפיצירן האָבן דערמאָנט אפרימען די פוילישע פּאָליציאַנטן, אין זײַן היימשטאָט לאָדזש.

אַן אָפּטיילונג פון „היטערס פון אָרדענונג" איז דורכגעריטן די זאַכאָדניע גאַס אויפן וועג קיין באָלוט. דער בליאַסק פון די גראַנאַטפאַרביקע מונדירן, רעשיקער געקלאַנג פון די שווערדן, די שטאָלצע פּרצופים האָבן געצויגן די אויפמערקזאַמקייט פון די פאַרבײַגייערס. דער מאַנאַטאָנער ריטעם פון די פערדישע פּאַדקאָוועס האָט אויסגעזונגען דאָס פוילישע צביעות: דאָס לאַנגזאַמע רײַטן פון די בראַווע „כלאָפּצעס" האָט עדות געזאָגט, אַז זיי אײַלן זיך נישט צו דערפילן זייער חוב. עטלעכע שעה פריִער האָט דאָס גויאישע פעבל געהאַקט שויבן אין באָלוט, געריסן אָרעמע פערענעס, געשלאָגן און איזדיעקעוועט זיך איבער ייִדישע קבצנים.

קיין ייִדישער פאַרבײַגייער האָט נישט געוואָגט אַרויסוואַרפן וועלכע ס'איז גרינגשעצונג די „לייבנמוטיקע" פּאָליציי, קיין איינציקע שטילע קללה איז נישט געפאַלן אין זייער זײַט.

ס'האָבן אויפגעטויכט אין אפרימס זכּרון זײַנע אוניווערסיטעט־יאָרן, ווען די ענדעקישע סטודענטן אין די קאָרפּאָראַנצקע היטעלעך פלעגן שפּאַלטן די קעפּ פון זייערע ייִדישע קאָלעגן.

ער האָט גוט געדענקט די אָנפאַלן אויף ייִדן אין פאַרשיידענע שטעט, די עקסצעסן, אויפרײַס־באָמבעס, שטינק־באָמבעס, ווונדן פון מעסער־שטעך; שטעקנס און אייזנס איבער די ייִדישע פּלייצעס.

ער האָט אַ קריץ געטאָן מיט די ציין: — פוילן, דו וועסט מיך מער נישט זען! מײַן פוס וועט מער נישט באַטרעטן דײַן טמאדיקע ערד!

ער האָט דערזען פאַר זיך סאָניעס געשטאַלט, איר נישט־דאַוּקן בליק.

— אַך, ווי וואָלט ער איצט געוואָלט רעדן צו איר, דערציילן איר פון לאַנד, ווו דער מענטש איז פרײַ, ווי אַ פויגל, ווײַזן איר דעם ים, וואָס מיניעט זיך מיט זילבערנע און גאָלדענע פליטערלעך, וואָס פאַרשיכורט דיך מיטן שפּיל פון די אומגעהייערע כוואַליעס און ס'דאַכט זיך דיר, אַז ער טראָגט דיך צום אין־סוף.

בײַם געזעגענען זיך מיט סאָניען, האָט ס׳מיידל אינסטינקטיוו אויסגעצויגן צו אים ביידע הענט. ער האָט פאַרוווּנדערט אַ קוק געטאָן און זי האָט זיך פאַררויטלט. האָט זי דאָס געמיינט צו פאַרהאַלטן אים בײַ זיך, אָפּשליסן אים פון דער ווײַטער וועלט מיט אירע בלענדיקווײַסע אָרעמס?

— אין אַזאַ אָוונט אין לאָדזש גייט מען זיך מען זיך ווײַלן. די צוקערניעס רוישן מיט מענטשן, די קינאָס זענען פול... דאָס איז אַלץ פאַר די רײַכע זינדלער, ווי ער איז געווען. און ער ליגט דאָ און טראַכט, ווו געפינט מען אַ שטיקל אַרבעט דורכצוקומען די שלעכטע צײַט.

אפרים האָט זיך פאַרטראַכט וועגן גורל פון זײַנע חברים, וועלכע ר׳האָט איבערגעלאָזט אין לאָדזש, — ווי זיי מעסטן דאָס אויס פעטריקאָווער גאַס אין די אָוונטן און פאַרברענגען די זוניקע טעג אין סטאַשיץ־פאַרק אָדער אין פּאָניאַטאָווסקי־גאַרטן.

ס׳האָט אויפגעטויכט אין זײַן זכרון דאָס קליינע, חושכדיקע שטיבל פון זײַן חבר כונע, דעם שרײַבער, וועלכער האָט אָפּט נישט געהאַט קיין געלט צו קויפן פּאַפּיר און טינט. אַן אָפטער גאַסט איז בײַ אים געווען הערמאַן — דער אינזשיניער־טעלעטעכניקער, וועלכער האָט אייביק געזוכט אַ שטעלע. דער „דריטער מושקעטער״ אין דער קאָמפּאַניע איז געווען אפרים. געענדיקט דעם אוניווערסיטעט אין וואַרשע, האָט ער זיך אַרומגעטראָגן מיט זײַן דיפּלאָם אין דער טאַש איבער פּוילישע מלוכה־שולן, פּריוואַטע גימנאַזיעס און אין ערגעץ נישט געקאָנט געפינען קיין אַרבעט.

די טונקעלע ווענט פון כונעס שטיבל, די איינגעהויקערטע, צעטרייסלטע שאַנק, די אײַזערנע בעטלער, די קוים־זשיפּענדיקע שטולן פלעגן אויסהערן טויזנטער טענות, פּראָטעסטן, פאַרדאַמונגען און אָפּטע קללות. ווען די געשרייען האָבן פאַרהילכט דאָס צימער, איז שטענדיק געקומען צו לויפן פון קיכל כונעס טאַטע, דער פורמאַן, און אײַנגעשטילט די צעברויזטע געמיטער.

אין אפרימס זכרון איז פאַרבליבן אײַנגעקריצט דאָס פּנים פון

אַלטן ייִד, וואָס איז געזעסן אין קיכל און געהאַלטן אין איין פאַרריכטן דעם פערדישן געשפּאַן.

דאָס שוואַרצלעך־אײַנגעפאַלענע, ביינערדיקע געזיכט, דער אַראָפּגעלאָזטער קאָפּ, די פאַרטריקנטע, צעבויגענע פינגער, וואָס לאַטען דעם צעלעכערטן כּמעט האָבן דאָן אַרויסגערופן אַ געפיל פון שעמעוודיקייט בײַ אַפרימען. פאַרוואָס האָט ער זיך געשעמט?

הערמאַן האָט סוף כּל סוף נישט געקענט לענגער פאַרטראָגן זײַן אַרבעטסלאָזיקייט. ער האָט געשוואַרצט די גרענעץ קיין ראַטן־פאַרבאַנד. מ'האָט אים געכאַפּט אויף דער רוסישער טעריטאָריע און געפירט מיט אַ בריטשקע צום סלעדאָוואַטעל. אַ כאַפּטע האַלב־נאַקעטע, אויסגעדאַרטע קינדער זענען נאָכגעלאָפן דעם וואָגן, שרײַנדיק: — ברויט, אַ שטיקל ברויט, אַ פּיצל, אַ ברעקל!

ווען הערמאַן האָט זיך ווידער באַוויזן אין כּונעס שטיבל. האָבן די חברים אים אויפגענומען אין אַ געדריקטער שטימונג. זיי האָבן אים נישט געקענט קוקן אין פּנים אַרײַן, ווי זיי וואָלטן דאָס געווען שולדיק אין זײַן דעפּאָרטאַציע.

— ס'אַרט מיך נישט — האָט הערמאַן אַ דערשלאָגענער דערציילט — וואָס זיי האָבן פון מיר חוזק געמאַכט: „גייט, טאָוואַרישטש, צוריק קײַן פּוילן און מאַכט דאָרט די רעוואָלוציע"... אָבער די קינדער אין די טראַנטעס, די ביינערדיקע, אויסגעצויגענע הענט, פאַרעלטערטע פּנימלעך...

מיט עטלעכע וואָכן צוריק האָט אפרים געקראָגן אַ בריוו פון כּונען. ער האָט געשריבן, אַז ער איז צוריקגעקומען פון דער הכשרה אין קעלץ אַ קראַנקער. די אַרבעט ד'אַרט אין טאַרטאַק האָט אים פיזיש חרוב געמאַכט. הערמאַן האָט געקראָגן אַ שטעלע אין אַ געשעפט פון ראַדיאָ־אַפּאַראַטן. אָבער זײַן גליק האָט לאַנג נישט געדויערט: פּוילישע כוליגאַנעס האָבן אויסגעהאַקט די שויבן פון דער קראָם און אויסגערויבט די סחורה...

*

אַ ווילדער געדאַנק איז פּלוצעם באַפאַלן אפרימען, — ווער ווייס, צו וואָס ס׳קען דערגיין אין פּוילן. מ׳מוז ראַטעווען סאָניען, קיין געלט פעלט נישט איר טאָטן, וועט זי נישט דאַרפן וואַרטן אויף קיין „סערטיפיקאַט״.

ער האָט אַרויסגענומען אַ העפט פון זײַן שענקל, פאַרטראַכט זיך אַ ווײַלע און גענומען שרײַבן, ווי אין אַ היפּנאָטישן טראַנס:

— דאָס פּוילישע ייִדנטום דערמאָנט אַן אַלטן מאַן, וואָס האַלט אין איין פאַרריכטן אַ צעלעבערטן געשפּאַן פאַר אַן אַלטער שקאַפּע, וואָס ציט מיט די לעצטע כּוחות אַ צעפּאָרענעם וואָגן...

ער האָט זיך מתוודה געווען פאַר סאָניען מיט גלײַענדיקע ווערטער, אַז ער קען זי נישט פאַרגעסן און אַז ר׳איז באַגאַנגען לגבי איר און זיך אַ פאַרברעכן, וואָס ר׳האָט געשוויגן ביז איצט. ר׳האָט געבעטן זי זאָל אים מוחל זײַן און קומען ווי אַמשנעלסטן.

ר׳האָט שוין געהאַט פאַרשריבן אַ צענדליק בלעטער, ווען ר׳האָט דערשפּירט, אַז עמעץ טאָרקעט אים בײַם אָרעם:

— אפרים! אפרים! — האָט גערופן זײַן חבר — די טיי שטייט שוין אויפן טיש, צעשנײַד ס׳ברויט און איך וועל צעפּערטלען די מאַראַנצן.

ווי אַרויסגעריסן פון אַ זיסן חלום האָט אפרים זיך אויפגעהויבן, אַרויסגעריסן פון העפט די פאַרשריבענע זײַטלער, צונויפגעלייגט זיי אין אָרדענונג, זאָגנדיק:

— מאָרגן גייט דער בריוו אַוועק!

ער האָט דעם בריוו קיינמאָל נישט אַרויסגעשיקט.

# עמוס

פון דער קאַכיקער אליעזר בן־יהודה־גאַס, איז שמעון אַרײַן אין אַ זײַטיק געסל, פאַרנומען זיך אין רחוב הירקון און אַט שטייט ער שוין בײַם ים, בײַ דער שטיינערנער באַריערע, וואָס גרענעצט אים אָפּ פונעם רווישיקן עולם אין דער נידער.

ס'וויִסלט זיך דער זאַמד אין דער בלענדנדיקער זון. מענטשן האַלב נאַקעטע, ברוינע און רויטלעכע פּלוסקען זיך אין וואַסער, שפּרינגען אונטער מיט דער הויכער כוואַליע, כאַפּן זיך פאַר די הענט, פּרובירן גיין אין אַ קאַראַהאָד. אַנדערע שווימען וואַרפנדיק מיט די הענט און פיס, ווי ריזיקע זשאַבעס.

טוריסטן דרימלען אויף אויסלייג־שטולן מיט דעכלעך, פּנימער מיט טונקעלע גלעזער, פלייצעס שמאָלע, צעוואַקסענע סמאַלען זיך אין דער זון.

יונגוואַרג לויפט מיט אַ געפילדער אַהין און צוריק, שפּילנדיק אין באַלעם. לעבן ים־ברעג דריבטשען און טאַפּטשען זיך אין נאַסן גרונט באַרוועסע פּיסלעך פון קינדער, קעפּלעך בליִען מיט פאַר־שידנפאַרביקע, שפּיציקע היטעלעך.

אונטער דעם גליִענדיקן הימל שפּרייט זיך דער ים אַ גרין־בלויער, ברויזט מיט בערגיקע כוואַליעס, לויפט מיט שפּילעוודיקע שוימיקע פּעלבלעך, פאַלט צו צום ברעג מיט לאַשטשענדיקן שפּריץ, אָטעמט מיט קילן ווינט.

— ים, מײַן ים, ווי איינזאַם ביסטו געווען מיט יאָרן צוריק... שטיל איז געווען דײַן ברעג אין וואָכעדיקע טעג. ביסט דאַן, שמעון, אַן אַרבעטסלאָזער סטודענט, געזעסן בײַם וואַסער און געזוכט אויפן ווײַטן האָריזאָנט שיפן. פלעגסט אין געבריל פון ים הערן דעם דונער פון טויזנטער וואַגאָנען וואָס לויפן אויף די רעלסן דאָ אַהער... דאָ אַהער...

און אָט זענען די אַלע געקומען... און דו ביסט אויך דאָ... אמת אויף אַ ווײַלע... אָבער דײַן טאָכטער וויל דאָ בלײַבן...

דער ים האָט זיך אַ הייב געטאָן מיט אַ ווילדן בראַזג. אַ געשריי האָט אָפּגעהילכט, אַ געלעכטער האָט נאָכגעפּאָלגט.

דער אַמאָליקער שפת־הים: פון איין זײַט האָט ער זיך געצויגן ביז די טורעמדיקע מעטשעטן און קאַפּע־הײַזער פון יפו, פון דער צווייטער זײַט זענען די זאַמדן געלאָפן העט־ווײַט נאָך די רויטלעכע מויערן פון דעם אַמאָליקן בית־ההסתדרות.

אָט דער זאַמדיקער מדבר איז געווען שמעונס היים בײַטאָג. ער פלעגט זיך דאָ שלעפּן פּוסט און פּאַס, באַגלייט פון די ווײַסע מעוועס, וואָס זענען געפלויגן נידעריק איבערן וואַסער און גערעדט צו אים מיט כאָרכלענדיקע שטימען.

פון צײַט צו צײַט האָט ער געכאַפּט אַ טאָג אַרבעט בײַם בנין, עטלעכע טעג בײַם גראָבן אַ ברונעם. אַמאָל געווען מזלדיק און געקראָגן אַ גאַנצע וואָך בײַם קטיף אין די פּרדסים אין רמת־גן. ער האָט זיך אָפּגעריסן די זײַטן בײַם טראָגן די בעטלעך מיט די אָנגעהויפּטע קוישן מאַראַנצן. ער פלעגט דאַן אַרײַנטליקען די זאַפטיקע תפוזים צוזאַמען מיט ברויט און אָנעסן זיך אויף אַ גאַנצן טאָג. אַהיימגייענדיק פלעגן חברה אָפּרײַסן פאַרבאָטענע גרייפּפרוכטן און אַרײַנשטופּן זיי שנעל אין זעקלעך מיט מאַראַנצן, וועלכע דער אויפזעער האָט דערלויבט מיטצונעמען.

ווען ס'זענען געקומען די רעגנטעג, איז שמעון אַרומגעלאָפן זוכן לעקציעס. און אָט האָט ער געקנעלט עברית מיט אַ גרופּע אונגאַרישע מיידלעך, געלייענט דעם „דבר" מיט אַן אויסגעבאַליעט ווײַבל, געלערנט אַ צערודערטן בחור, אָדער געשטאָפּט מיט ליטעראַטור אַ רײַך געשטופּלט מיידל, וואָס האָט געזוכט אַ חתן.

צי ער האָט זיך אַרומגעדרייט ליידיק אָדער געאַרבעט, איין טרוים איז שטענדיק געווען אין זײַן האַרצן:

— קריגן אַרבעט אין ירושלים און דאָרט זיך לערנען אויפן אוניווערסיטעט... און איצט וויל זײַן טאָכטער דאָרט שטודירן...

שמעונס בליק איז ווידער צוגעפאַלן צום וואַסער.

דער ים איז געווען טונקל־בלוי, ווי די אויגן פון אַ צה״ל־אָפיציר, ווען ר׳האָט געטראָפן מיט עטלעכע וואָכן צוריק ביי זיינע פריינט.

דער בחור איז געווען הויך און בלאָנד. אַ שויבער פון גילדענע האָר איז געפאַלן אויף זיין שטערן, אויפגעהעלט זיין פאַרברוינט פנים וואָס איז געווען אי קינדעריש, אי יונגמענעריש. דער קין רונדיק און ווייך, אָבער די אויגן טונקל־בלוי, שטאַרק און זיכער, ווי די כוואַליעס פון ים.

דער קצין איז געקומען אויף שבת צו זיינע עלטערן פון פּאָסטן אין בקעת הירדן.

דער באַלעבאָס האָט פאַרגעשטעלט זיין זון פאַרן אַמעריקאַנער גאַסט און אַ צעשטראַלטער האָט ער גערופן צו דער פרוי אין קיך.

— רחל, גיב שוין אַריין ס׳עסן, עמוס איז הונגעריק, ווי אַ וואָלף!

דער בחור האָט ווייניק גערעדט, נישט צו פיל געגעסן, געוואָרפן אַ פריינטלעכן בליק אויף שמעונס טאָכטער און זיך צעשמייכלט, ווען ס׳מיידל האָט געפרעגט אויף ענגליש:

— אַר יו אָן דייעט (זייט איר אויף דיעטע)?

ביים טיש האָט מען געשמועסט וועגן דער ישראל־אַרמיי, פּאָליטישער לאַגע. שמעון האָט אַ זאָג געטאָן:

— די ישראל־בחורים זענען אמתע העלדן, בין איך נישט גערעכט, עמוס?

דער אָפיציר האָט אַ קוק געטאָן אויפן גאַסט מיט אַ נישט־דאַנקן בליק.

דער טאַטע האָט זיך צעלאַכט:

— פון דער חברה ווילסטו עפּעס אַרויסקריגן? מאַך זיך נישט נאַריש!

דער זון איז אַרויס פון צימער. אַ גערויש פון וואַסער איז דערגאַנגען צו שמעונען.

— ער נעמט אַ שפּריץ — האָט די מוטער, אַ צופרידענע, געשאָקלט מיטן קאָפּ — געזונט זאָל ער זיין!

און אַט האָט ער זיך אומגעקערט: אין זײַן גרין־געלבלעכן מונדיר, הויך און בלאָנד, ס׳פּנים פאַררויטלט.

— כ׳גיי פאַרברענגען מיט חברים — האָט ער זיך צעשמייכלט — כ׳נעם, אבא, דײַן אויטאָ.

— אָבער קומסט דאָך צוריק? — האָט דער פאָטער, אַ צעשראָקענער, אַ פרעג געטאָן.

— יאָ — אָבער שפּעט... און ווילט איר זיך אפשר באַקענען מיט די ישראלים? — האָט דער בחור שפּאַסיק פאַרטשעפּעט שמעונס טאָכטער

זיי זענען ביידע אַוועק. די באַלעבאָסטע איז אַרײַן אין קיך. דער גאַסט איז געזעסן אַ פאַרטראַכטער. זײַן פרײַנד האָט אָנגערירט זײַן אָרעם:

— וואָס האָסטו זיך, שמעון, פאַרדבקעט... וועגן דײַן „ביזנעס״? אפשר איז שוין צײַט זאָלסט אַוועק פון אים, פון דײַן שיך־געשעפט.

— און זיך דאָ באַזעצן... — האָט פאַרענדיקט דער גאַסט.

— ביסט דאָך אַמאָל געווען אַ חלוץ מיט יאָרן צוריק — האָט זיך צעשמייכלט דער ישראלי.

— אַ חלוץ, וואָס איז צוריקגעפאָרן קיין פּוילן?

— פאַרגעס, וואָס ס׳איז געווען און קום צוריק!

— כ׳בין שוין נישט מער יונג און דאָס לעבן דאָ איז פול מיט שפּאַנונג, די מלחמה ציט זיך שוין יאָרן און מ׳זעט נישט קיין סוף — און איך זוך רו...

— דערצייל מיר נישט קיין באָבע־מעשיות, כ׳קען דיך גוט, דו האָסט קיינמאָל נישט מורא געהאַט, שמעון, דו ביסט דער ערשטער געלאָפן קיין יפו, ווען די אַראַבער האָבן זיך דאָרט געוואָרפן אויף די ייִדן.

דער גאַסט האָט געשוויגן אַ ווײַלע. ער האָט אָנגעשפּאַרט זײַן קאָפּ אויף דער האַנט און אַ זאָג געטאָן:

— כ׳בין שוין נישט מער יונג, ברוך, און כ׳בין נישט אַליין...

— כ׳פאַרשטיי דיך זייער גוט, מײַן ליבער, דו האָסט נישט מורא פאַר זיך, דו ציטערסט פאַר דײַן בת־יחידה...

— דאָס איז אַלץ, וואָס כ׳האָב אָפּגעשפּאָרט, מײַן משפחה און מײַן פרויס משפחה זענען אַלע אומגעקומען.

דער באַלעבאָס האָט זיך אויפגעהויבן פון אָרט און אַרויפגעלייגט זײַן האַנט אויף שמעונס אַקסל.

— און מיר, וואָס זאָלן מיר זאָגן ?... אונדזערע קינדער, דאָס איז אַלץ וואָס מיר פאַרמאָגן !... און דאָך... און איר ווילט דאָס פאַרטיידיקן ס׳לאַנד מיט אײַערע תרומות, מיט אײַערע דאָלאַרן ?

ער האָט זיך צוריקגעכאַפּט : — זײַ מיר מוחל, שמעון...

— האָסט רעכט אַזוי צו רעדן — האָט דער אַמעריקאַנער אַ שאָקל געטאָן מיטן קאָפּ — האָסט יאָרן קרעפּירט אין דעם צעלעכערטן צריף בײַם ים, נישט געוואָלט פאַרלאָזן ס׳לאַנד, געהאַקט שטיינער אין דער סמאַלענדיקער זון אויפן כביש, אָפּגעלעבט טעג מיט אַ פּענעץ טרוקן ברויט און אַ מאַראַנץ...

— כ׳בין נישט געווען דער איינציקער... און ס׳קומט מיר נישט דערפאַר קיין גלעט איבערן קאָפּ... און דו, ברודערל, וועסט זיך אומקערן, דו קומסט צוריק — האָט געשמייכלט דער פרײַנד.



פאַרגאַפּט אין דעם בלוי־גרינעם וואַסער, זענען שמעונען צוריקגעקומען אויפן זכרון די לעצטע ווערטער פון זײַן חבר. ער האָט זיך אָנגעלענט אָן דער שטיינערנער באַריערע.

— איז ער געקומען זיך געזעגענען מיטן ים איידער ער פאָרט אַוועק ? ווער ווייסט ווען ער וועט ווידער זען, דעם אַלטן, גוטן פרײַנד, דעם טרייסטער אין די צײַטן פון זײַן שטורמישער יוגנט.

— זענען דאָס די זעלבע ווײַסע מעוועס. וואָס פליִען איבער די קעפּ פון דעם צעליאַרעמטן עולם אין דער נידער ?

שטאָל־בלויע כוואַליעס זענען ווידער געלאָפן צום ברעג און

דערמאָנט דעם קצין, וועלכן ר'האָט געזען דעם לעצטן פרײַטיק בײַ זײַנע פרײַנד.

ס'איז שוין געווען שפּעט אין אָוונט. די ליכט האָבן געטריפט אויף די זילבערנע לײַכטער, דער טיש האָט געבלאַנקט מיטן ווײַסן טישטעך, מיט די אויסגעשטעלטע טעלער, מיטן בלישטשענדיקן באַשטעק. דער קידוש־בעכער האָט געפינקלט מיט גאָלדיקן אָפּשײַן, געוואַרט אויפן ווײַן.

טאַטע־מאַמע האָבן זיך איבערגעקוקט מיט אומרויִקע בליקן:

— עמוס איז נאָך נישטאָ...

דעם גאַסט איז דורך אַ נערוועזער ציטער: די „נײַס" וועלכע ר'האָט געהערט אינדערפרי זענען נישט געווען צו גוט.

ענדלעך האָט ער זיך באַוויזן — דער זון. אַ פאַרשטויבטער, ס'פּנים שווייסיק־רויט. נישט געענטפערט אויף פראַגעס, זיך אַוועקגעזעצט בײַם טיש.

— ר'איז מיד — האָט אַ שעפּטשע געטאָן די מאַמע — לאָזט אים צורו...

דער באַלעבאָס האָט געמאַכט קידוש. דער עולם האָט גענומען עסן די פיש. רחל האָט גענומען אויספרעגן שמעונס טאָכטער, ווי ס'געפעלט איר ס'לאַנד, אונטעררוקנדיק גלײַכצײַטיק דעם זון אַ טעלער פלייש:

— גיב אַ קוק, עמוס, האָסט דאָך אַפילו נישט אָנגערירט די פיש, עס־זשע כאָטש די הון...

די באַלעבאָסטע האָט געשמייכלט צום מיידל, באַמערקנדיק אירע באַהאַלטענע בליקן, שנעלע און שעמעוודיקע, וועלכע ז'האָט געוואָרפן צום יונגן אָפיציר.

שמעון האָט גערעדט צו זײַן פרײַנד:

— געדענקסט, ווי דו האָסט אַמאָל געזידלט די ייִדישע מיידלעך, וואָס פאַרברענגען מיט די רײַכע אַראַבישע זינדלעך? האָסט פאַראויסגעזאָגט די צרות, וואָס וועלן קומען פון אונדזערע שכנים... אָבער אונדזערע בחורים גיבן זיי איצט פולווער צו שמעקן... אונדזערע גבורים...

עמוס איז אויפגעשפרונגען פון טיש. דער בעכער מיט וויַין האָט זיך איבערגעקערט, אַ רויטער פלעק האָט זיך צעגאָסן איבערן וויַיסן טישטעך.

עמוס איז אַרויס פון צימער. די מוטער איז אים נאָך. דער בחור איז געשטאַנען אין דער קיך און שטיל געוויינט:

— דער גראַנאַט האָט אים געטראָפן... ר׳האָט אים צעשפּאָלטן אויף צוויי העלפטן, ווי אַ האַק אַ בוים... ר׳איז געפאַלן בײַ מײַנע פיס, מײַן חבר, מײַן גוטער, טײַערער חבר — יצחק...

די מאַמע האָט אים אַרומגענומען, געקושט און גערעדט צו אים:

— עמוס, עמוסל, וואָס קענסטו טאָן?

די מענער זענען אַרײַן אין קיך. דער בחור איז אַוועק אין שלאָפצימער, געלייגט זיך אויפן בעט.

דאָס מאָלצייט האָט מען פאַרענדיקט אין שטילשווײַגן. שמעון האָט געקוקט ווי רחל באַמיט זיך צו פאַרדעקן דעם רויטן פלעק מיט פּאַפּירענע, ווײַסע מונדטישטעכלעך און די בלוטיקע פאַרב קומט אַלץ קאַפּויער.

עס איז שווער אָנגעקומען דאָס געזעגענען זיך. די מענער האָבן זיך אַרומגענומען, די פרויען האָבן זיך צעקושט.

לאַנג איז מען געשטאַנען בײַ דער טיר און געווונטשן זיך אַלדאָס גוטס.

בײַם אַרויסגאַנג פון הויז, אויף דער גאַס, האָט זיך שמעונס טאָכטער פאַרהאַלטן:

— וואַרט־זשע, טאַטע, כ׳קום גלײַך צוריק...

איידער שמעון האָט באַוויזן צו ענטפערן, איז זי נישט געוואָרן. ס׳האָט גענומען אַ לאַנגע צייט, ביז זי האָט זיך צוריק באַוויזן.

— כ׳האָב זיך געזעגנט מיט עמוסן — האָט זי אַ זאָג געטאָן און גענומען גיין. אין איר שטימע איז געווען אַזוי פיל פרייד, אַזש שמעון איז געבליבן שטיין אַ ווײַלע, אַ פאַרבלי̇פטער.

— טאָכטערשי — האָט ער געוואָלט עפּעס פר׳עגן — דאָריס... טאָכטערשי, — האָט ער איבערגעחזרט און אַנטשוויגן געוואָרן.

ס'מיידל האָט אים אָנגעקוקט מיט אַ שטיפערישן בליק.

— עמוס איז שטאַרק געשלאָפן און כ'האָב אים אויפגעוועקט — האָט זי גענומען דעם פאָטער אונטערן אָרעם.

זיי האָבן געשפּאַנט אויפן וועג צום האָטעל. דער טאַטע, פאַרזונקען אין זײַנע מחשבות, האָט נישט באַמערקט, ווי זײַן בת־יחידה עפנט פון צײַט צו צײַט איר האַנטבײַטל, גיט אַ קוק אינעווייניק און פאַרמאַכט אים שנעל. ווען זי עפנט אים בליצט אַרויס אויף אַ רגע, אין דער שײַן פון די גאַסן־לאָמפּן, אַ דין, גאָלדן קייטעלע און אַ פאַרביק צה״ל־שלייפעלע פון דער זעקס־טאָגיקער מלחמה.



נאָך זעקס וואָכן אין ישראל, האָט די 103טע גאַס בײַ בראָדוויי אויסגעזען אין שמעונס אויגן מאָדנע פרעמד. דער געפּילדער פון מענטשן, אויסגעשפּיגן און אײַנגעזויגן פון שמוציקן סאָבוויי, דער ליאַרעם פון פאַרבײַ־יאָגנדיקע פּאָרטאָריקאַנער, נעגער, פיליפּינער, ייִדן, האָט געקלונגען אין זײַנע אויערן, ווי דאָס קלאַפּן און פּויקן פון אַ ווילדן שבט. דאָס הודזשען פון די אויטאָס האָט אַרויסגערופן אין שמעונס אויערן אַ באַקאַנטן גערויש.

— דער ים גייט מיר נאָך — האָט ער זיך צעשמייכלט.

שמעון איז אַרײַן אין זײַן געוועלב. ס'געשעפט איז געווען פול מיט קונים. ער האָט זיך אַרומגעקוקט. די ווענט באַהאָנגען מיט פּאָליצעס פול מיט פּודלעס מיט שיך, האָבן געאָטעמט מיט זויערער טוכלעקייט. די קונים זענען געווען פול מיט חוצפּה, די סוביעקטן — שלאָבערדיקע, אַפּאַטישע ברואים, זײַן ווײַב בײַ דער קאַסע — אַרײַנגעטאָן אין מסחר.

— כ'גיי נעמען אַ קאַווע — האָט שמעון אַ זאָג געטאָן צו זײַן פרוי און אַרויס אויף דער גאַס.

ער האָט טיף אָפּגעאָטעמט. ס'איז געווען פולער טאָג און דאָך טונקל. ר'האָט אויפגעהויבן זײַן קאָפּ צום הימל: ר'איז געווען גרוילער — פאַרסאַזשעט.



שמעונס טאָכטער פלעגט איצט גלײַך נאָכן אָוונט־ברויט, פאַרמאַכן די טיר פון איר צימער, לערנען זיך און שפּילן ישראל־פּלאָטן.

— ווי אַזוי קען מען מאַכן די לעקציעס און הערן מוזיק גאַנצע שעהען! — האָט זיך געבייזערט דער טאַטע.

אָפּטמאָל האָט זי גענומען עטלעכע פּלאָטן אונטערן אָרעם, אַרײַנגעפּאַקט אירע שול־ביכער אין דער טאָרבע און זיך אַ לאָז געטאָן מיט עטלעכע גאַסן ווײַטער צו איר חברטע לאָרעין. זי איז דאָרט געזעסן ביז שפּעט אין אָוונט און צומאָל אַפילו גענעכטיקט. דער פאָטער איז דאַן געווען אויסער זיך:

— ווער דאַרף דאָס שלאָפן בײַ די מאָריסאָנס אין שמוץ און עפּוש?!

— איז דאָס בײַ דיר אַ נײַעס? — האָט די פרוי אים אָנגעקוקט האַלב בייזלעך, האַלב איראָניש.

— צו וואָס קריכט זי דאָרט? אַ טײַוול האָט אָנגעטראָגן די לאָרעין...

— זי איז איר ערשטע אמתע פרײַנדין. וועמען האָט זי געהאַט ביז איצט. ווער האָט זיך געחברט מיט איר אין דער ישיבה. וואָס איז געווען פול מיט רעליגיעזע סנאָבן? — האָט געטענהט די מוטער — ערשט איצט, אין דער לעצטער קלאַס פון דער שטאָטישער „הייסקול", האָט זי פרײַנד...

— אַ וואַזשנע מעצאָצע לאָרעין מיט די אַלע האָלעדריגעס און משונהדיקע ברואים, באַוואַקסענע און באַבערדלטע, וואָס קומען זיך צונויף בײַ די מאָריסאָנס.

שמעון האָט אַ כאַפּ געטאָן די צײַטונג און געמאַכט זיך לייענען. ר'האָט נישט געזען די אותיות. צענדליקער געדאַנקען האָבן געעגבערט זײַן מוח.

— וואָס טרײַבט ס'מיידל פון דער שטוב? ס'וואָלט זיכער געווען אַנדערש, ווען ז'האָט יונגע עלטערן... אפשר יאָגט זי אַרויס ס'פּוסטע הויז אָן קרובים און נאָענטע? פילט זי, קען זײַן, דעם פאַרבאָרגענעם עלנט פון אירע עלטערן — געוועזענע

קאַצעטלער? ווען האָט ער, דער טאַטע, פאַרלוירן דעם שליסל צו דער טיר, וואָס טראָגט דעם נאָמען דאָריס?

— וויפל מאָל וועסטו דאָס שפּילן די זעלבע פאַרבענקטע און טרויעריקע לידער? — האָט שמעון געפרעגט זײַן טאָכטער.

— וואָס איז דער מער מיט דיר, דעדי? ווי אַ קינד פלעגסטו מיך אײַנשלעפערן מיט מעשיות וועגן ארץ־ישראל, מיט לעגענדעס פון דוד המלך. האָסט מיך געשיקט אין אַ ישיבה צו קענען העברעיִש, האָלטסט אין איין רעדן וועגן ישראל... און איצט... פאַרוואָס?

זי האָט אים אָנגעקוקט, ווי זי וואָלט וועלן דערגיין פון זײַן געזיכט די סיבה פון זײַן אומרו.

זײַן כּעס האָט שמעון ערשט אויסגעלאָזט אין אָוונט, ווען דאָריס איז אַוועק.

— רבקה, צו וואָס האָסטו מיר געהייסן פאָרן קיין ישראל אויף אַפּרו?

זײַן פרוי האָט אים אָנגעקוקט, אַ ווײַלע געשוויגן און דאַן רויִק אַ זאָג געטאָן: —דו נעמסט זיך צופיל איבער מיט די שטימונגען פון דײַן טאָכטער.

— אַזוי גאָר? — האָט ער מיט אַ געבייזער געפרעגט.

ווי אויסטערליש, באַמערקט נישט זײַן פרוי די נערוועזע שפּאַנונג פון דאָריס, ווען זי פאַלט אַרײַן אין שטוב פון דער שולע:

— איז דאָ אַ בריוו פאַר מיר?

שמעון בלעטערט אַדורך אין זײַן זכּרון די אָוונטן, וועלכע זײַן טאָכטער האָט פאַרבראַכט מיטן יונגן אָפיציר. עמוס פלעגט קומען פרײַטיק בײַנאַכט און אומקערן זיך אין בקעת הירדן זונטיק פרי. דאָריס האָט אים נישט אָפּגעלאָזט אויף קיין איין מינוט. שפּעט בײַנאַכט פלעגט זיך ס׳מיידל אַרײַנשלײַכן אין האָטעל־צימער אויף די שפּיץ־פינגער. און דאָך האָט זי שטענדיק איבער־געוועקט דעם טאַטן: אויף דעם פּאַספּאָרטנדיקן ציפערבלאַט פון זײַן האַנט־זייגערל איז געווען פיר אָדער שפּעטער.

— זעט נישט די מאַמע, אויף וואָס איר טאָכטער וואַרט? אָדער מאַכט זי זיך נישט זען?

און ווי אַ בליץ גייט דורך שמועונס מוח: — אים אַליין האָט די רייזע קיין ישראל אַרויסגעטריבן פון דער באַקוועמער, וואַרעמער בלאַטע, ווו ר'איז געזעסן. און איצט קען ער נישט קיין רו געפינען.

ס'איז געקומען אַ בריוו פון עמוסן און שמעונס הענט האָבן געציטערט, ווען ר'האָט אים איבערגעגעבן זיין טאָכטער. דאָריס האָט אַ כאַפּ געטאָן דעם בריוו און אַריין אין איר צימער. אַ צעשטראַלטע, איז זי אַרויס און גענומען שנעל דערציילן:

— אין אַ פינף חדשים אַרום ווערט עמוס באַפרייט פון דער אַרמיי. זייענדיק אין צה"ל האָט ער שוין איינמאָל באַלייגט אַן עקזאַמען אויף דער ירושלימער אוניווערזיטעט זיך אַריינצוקריגן אויפן מעדיצינישן פאַקולטעט. ר'איז דורכגעפאַלן. נאָך דעם ווי ר'וועט פאַרענדיקן זיין דינסט, וועט ער נאָכאַמאָל פּרובירן. אויב ס'וועט אים נישט געלינגען, וועט ער אַרויספאָרן קיין פראַנקרייך אָדער ענגלאַנד און וועט דאָרט שטודירן, אָבער ר'וועט זיך אומקערן קיין ישראל נאָכדעם ווי ער וועט ווערן דאָקטער, ווייל נאָר אין ישראל וויל ער לעבן... ער שרייבט אַז אַ צאָל פון זיינע חברים זענען געפאַלן אין קאַמף מיט דער „אַל־פאַטאַך"... ער וואָרנט מיך, נישט צו קומען קיין ישראל, ווייל די אַראַבער לייגן אונטער באָמבעס אין ירושלים, תל־אביב...

— ער איז גערעכט, כשר גערעכט — איז אויפגעשפּרונגען שמעון.

— און איך וועל פאָרן אַהין — האָט זיך צעשריִען די טאָכטער — איר ווייסט דען, וואָס עמוס טוט? מיר נאָר האָט ער דערציילט: ער צעלייגט מינעס לענגאויס דעם ירדן, יאָגט נאָך די טעראָריסטן, שלעפּט זיי פון די היילן — זייערע באַהעלטענישן. דאָס איז נאָך נישט אַלץ: עמוס צענעמט די מינעס, ר'איז יעדע מינוט אין געפאַר פון טויט... און איך וועל זיך דאָ באַהאַלטן אונטערן אויוון? — אָ, ניין!

זי איז גיך אַרויס פון צימער.

שמעון איז געזעסן אויף זײַן שטול ווי געליימט. זײַנע געדאַנקען האָבן געיאָגט ווי פאַרסמטע ראַצן.

— מיר וועלן בלײַבן אַליין, דאָריס... מיט וואָס דערנערן מיר זיך, אויב נישט מיט דײַן געלעכטער, מיטן בליאַסק פון דײַנע אויגן, מיט די באַוועגונגען פון דײַן דינעם גוף, אַפילו מיט דײַן געשריי... אויב דו גייסט אַוועק, וועלן מיר זיך אײַנברעכן, ווי אַלטע ביימער וואָס צעפאַלן זיך, ווײַל זייערע אויסגעקרומטע וואָרצלען קענען נישט מער דערגרייכן ס׳וואַסער אין דער טיפעניש פון דער ערד...

עס זענען געקומען נײַע בריוו פון עמוסן, ענטפערס אויף די, וואָס דאָריס האָט געשיקט. די ישראל-פּלאַטן האָבן אָנגעפולט שמעונס ווױנונג מיט אַ טיפער בענקשאַפט. ס׳מיידל איז געזעסן אין איר צימער. צוביסלעך זיך געלערנט, די גרעסטע טייל צײַט געוועזן פאַרזונקען אין דערמאָנונגען.

...זיי זענען געזעסן בײַם ים אין אַ פאַרוואָרפן ווינקל, ווו מ׳האָט נישט געזען קיין מענטש.

— דו ווייסט, עמוס — האָט דאָריס געזאָגט — אָפט דאַכט זיך מיר, כ׳קען אָנטאַפּן דאָ, אין ישראל, דעם הימל, אַזוי נידעריק הענגט ער איבערן קאָפּ... אָט זאָג איך צו זיך: כ׳וועל אויסשטרעקן מײַן האַנט און אָנרירן אים...

— זײַ נישט קיין דיכטערין, דאָריס... דאָס לאַנד איז האַרט און די מענטשן זענען האַרט... און דיכטער, מײַן טײַערע, שרײַבער — אַ גרויסע טייל פון זיי האָבן געדינט, אין פאַרשידענע צײַטן, די טיראַנען, דעמאַגאָגן, דעספּאָטן און דיקטאַטאָרן... גלייב מיר, די האַנט וואָס פירט דעם טראַקטאָר אין פעלד איז ערלעכער, ווי די האַנט, וואָס פירט די פעדער אויפן פאַפּיר.

— מײַן פאָטער זאָגט. ער פּילט עפּעס שבתדיקס אין אַ געוויינלעכן טאָג, ווען ער שפּאַצירט איבער די גאַסן פון תל-אביב.

עמוס האָט זיך צעלאַכט: — אַ נאַיִווער מענטש דײַן טאַטע... שבת און יום-טוב איז בײַ די גרויסע און קליינע קרעמער, דער גרעסטער טייל ישראלים האָרעוועט שווער דורכצוקומען... און אויך אויפן פראָנט איז נישטאָ קיין יום-טוב. דער פראָנט איז איין

גרויסע שטינקענדיקע יאַטקע, ווו צעשפּריצטער, פון קוילן, מאַרך וואַלגערט זיך צוזאַמען מיט שטיקער אברים, מיט צעפּערטלטע לײַבער, מיט אויפגעריסענע בײַכער, מיט קישקעס, קלעפּיקע און לאַנגע, ווי צעדולטע שלאַנגען...

ער איז אַנטשוויגן געוואָרן.

— ס׳ערשטע מאָל — האָט עמוס איבערגעריסן די שטילקייט — האָב איך דערזען די לײַבער פון טויטע מצרים נאָך דעם שלאַכט בײַ אום־כתף וויפל זענען דאָס געפאַלן פון מײַנע קוילן? פאַרוואָס, פאַרוואָס האָב איך געמוזט זיי טויטן? פאַרוואָס מוז איך הרגענען, ווען כ׳וויל זיך גאָר לערנען און שטודירן?

— מוזסטו זײַן אין אַזאַ געפערלעכן מיליטער־פּאָסטן, ווי די בקעת הירדן?

— די געגנט ראַיעט זיך פון טעראָריסטן, וואָס האַלטן אין איין פאַרזייען טויטלעכע מינעס. ס׳זענען דאָ ווייניק ספּעציאַליסטן, ווי איך, וואָס קענען די מלאכה פון צענעמען די באַזוקעס און די מוקשים. כ׳בין שוין אַ יאָר אין דער בקעה. מ׳האָט מיר שוין עטלעכע מאָל פאָרגעשלאָגן צו ווערן אַ מדריך אין אַ מיליטערישער באַזע, אין אַ רויִקן פּלאַץ... אָבער קען איך אַנטלויפן פון דער בקעה, טאָר איך אַנטלויפן?...



שמעון האָט באַמערקט, ווי זײַן טאָכטער האָט זיך געענדערט. זי האָט איצט נישט פאַרלוירן צופיל צײַט בײַם שפּיגל, זי האָט אויפגעהערט צו ברומען אַ זאַרגלאַז לידל, מ׳האָט זי איצט זעלטן געהערט שרײַען, געוואַלדעווען. זי איז געוואָרן אײַנגעהאַלטן, מיושבדיק. אירע אויגן האָבן פאַרלוירן דעם שטיפערישן בליק. זי האָט אויסגעמיטן „פּאַרטיס״, אויפגעהערט צו שפּילן פּלאַטן. זי האָט זיך באַדאַכט צוגעהערט צו די ראַדיאָ־נײַעסן און געזוכט אויף דער טעלעוויזיע פּראָגראַמען וועגן ישראל. זי האָט זיך אינטענסיוו געלערנט.

ס׳האָט זיך דערנענטערט דער זומער. עמוס האָט איצט געשריבן איינמאָל אין אַ חודש און אַמאָל אין צוויי חדשים.

שמעון האָט געגעסן וועטשערע, ווען דאָריס איז אַרײַן אין שטוב ווי אַ ווילדער קאָזאַק:

— כ׳האָב זיך פֿאַרשריבן אויפֿן יערלעכן קורס פֿון ירושלימער אוניווערסיטעט... גלײַך נאָכן גראַדויִרן פֿאָר איך אַוועק...

צוערשט האָט זיך שמעון אָפּגעזאָגט צו באַצאָלן פֿאַרן קורס. דער תּירוץ איז געווען: מ׳האָט אים נישט געפֿרעגט.

דאָריס האָט מיטאַמאָל געלאָזט וויסן די עלטערן, זי ציט זיך אַרויס פֿון דער שטוב. די עלטערן זענען פּאַרציטערט געוואָרן.

— וואָס מיינסטו, טאָכטערשי? — האָט געשטוינט די מאַמע, — פֿאָרסטו קיין ישראל צו שטודירן, אָדער צו עמוסן?

ס׳מיידל איז אַרויס מיט אַ געוויין.

שמעון האָט איצט געלעבט ווי אין אַ הינערפּלעט.

— פֿאַרקויפֿן אַלץ און אַוועק קיין ישראל — האָט אַ משוגענער געדאַנק געטאַנצט אין זײַן מוח. ווי מאָדנע, די פֿאַרצווייפֿלונג אין אים איז געווען דורכגעדרונגען מיט אַ דינער, ליכטיקער וואַרעמקייט. גלײַך אָבער האָט ער זיך דערמאָנט: — ווער וועט קויפֿן מײַן געשעפֿט, דאָ אין דער „פֿאַרשוואַרצטער געגנט"? — און ער האָט אַראָפּגעלאָזט דעם קאָפּ מיט אַ זיפֿץ.



דער טעלעפֿאָן האָט געקלונגען אָן אַן אויפֿהער. עמוס איז אַראָפּ פֿון געלעגער, צו צום טרײַבל. ס׳איז געווען דער קאָמענדאַנט.

— עמוס!

— כ׳בין דאָ!

— מוכן? לעבן ירדן, בײַ דער בריק, געפֿינט זיך אַ באַזוקע מיט אַ זייגער...

אַ פּאָר מינוט שפּעטער האָט דער בחור געשניטן דעם שמאָלן כּביש קיין יריחו אין זײַן דזשיפּ.

די זון איז ערשט אַרויס פון הינטער די בערגלעך. אַ לײַכטער פּיאָלעט האָט אײַנגעהילט דעם הימל אויף אַ ווײַלע. גלײַך נאָכדעם איז אַ רויטלעך ליכט באַפאַלן די סערפּענטין־וועגן, די טאָלן און די ריזיקע פעלדזן. עמוס איז געפלויגן פײַל פון בויגן. זײַנע פינגער האָבן שוין געשפּירט די דראָטן, די לאָדונג, וואָס מ׳האָט געדאַרפט צונעמען.

איז עס געווען דאָס טשוויטשערן פון פייגל, אָדער די שטימע פון דאַריס?

— עמוס, עמוס! — האָט ער דײַטלעך געהערט לעבן זיך. ר׳האָט דערשפּירט אויף זײַן פּנים אירע לײַכטע פינגער.

דער אויטאָ איז געפלויגן אויפן אַספאַלט מיט היציקער גיכקייט, געשלונגען דעם כּביש, געריסן די לופט. אַ שטיק פעלדז האָט זיך באַוויזן. געלעגן אין מיטן פון שמאָלן וועג. עמוס האָט געוואָלט פאַרקירעווען, דער דזשיפּ איז אַרײַן אין שטיין. דער הימל האָט זיך געגעבן אַ דריי, אַ בייג, אַראָפּ צום בחורס געזיכט, צוגעפאַלן צו זײַנע ליפּן.



די ערשטע פּאָר מינוט האָט שמעון נישט געקאָנט באַנעמען, ווער ס׳שרײַט אַרײַן אין טעלעפאָן.

— דאָס בין איך, ברוך, דײַן חבר פון תל־אביב, ניטאָ מער עמוס — אַ געיאָמער האָט פאַרהילכט דאָס טרײַבל — ר׳איז געפאַלן אין דער בקעה — מײַן זון...

שמעון איז געבליבן אָן לשון. ס׳האָט אים גענומען שווינדלען פאַר די אויגן, ר׳האָט זיך קוים צוגעשלעפּט צום געלעגער.

די פרוי איז נישט געווען אין שטוב. דאַריס איז אַרײַן פון גאַס.

— פאַרוואָס ליגסטו, דעדי?

ס׳האָט גענומען אַ לאַנגע ווײַלע, ביז ר׳האָט באַוויזן אַרויס־צושטאַמלען די שרעקלעכע בשורה.

זי איז אַרויס אין היסטעריש געשריי:

— ס'איז שקר, ליגן... עמוס, מײַן עמוס...

ז'איז זיך פאַרגאַנגען אין אַ ביטערן העשען:

— ווער האָט דאָס געטאָן צו מיר? פאַרוואָס? אוי, ווי לײַדיק איך בין, ווי אויסגעהוילט... משוגעים קעמפן פאַר אַ לענדל די גרויס פון ניו־דזשוירזי... ניין, ס'איז נישטאָ קיין גאָט... ווי וואָלט ער געלאָזט אים שטאַרבן?...



זי איז געלעגן גאַנצע טעג אויף איר בעט, די האָר נישט פאַרקעמט, די אויגן פאַרקוקט אין אַ ווײַטעניש ווייניק גערעדט, ווייניק געגעסן. די עלטערן און לאַרעין האָבן געפּרוווט זי אַרויסרײַסן פון דער שטוב. אַ נישט־דאַזיקער שמייכל איז אַרויס אויף אירע בלייכע ליפּן: — צו וואָס? ער וואַרט דאָך נישט דרויסן אויף מיר...

זי איז געלעגן מיט פאַרשלאָסענע אויגן און געזען עמוסן, זײַן שטילן, פאַרשעמטן שמייכל, זײַן געזיכט. זי האָט גערעדט צו אים.

בײַנאַכט פלעגט זי זיך אויפכאַפּן מיט אַ געשריי, זי האָט געהאַט געשפּענסטיקע חלומות.

אַ געפיל פון אומזיכערקייט האָט זי דורכגעדרונגען. זי האָט מורא געקראָגן אַז אירע עלטערן וועלן פּלוצים שטאַרבן. זי האָט דאָס לעבן דערזען, ווי איין קייט פון אומגלויבלעכע פּאַסירונגען. זי האָט זיך אַרײַנגעטראַכט אין דער אויסטערלישער אומזעבאַרער מאַכט, וואָס האָט זי אָפּגעריסן פון עמוסן אין דער לעצטער מינוט איידער זיי האָבן זיך געזאָלט טרעפן:

— פאַרוואָס? ווו איז דער זין פון דעם אַלעמען?

זי האָט מיט אַמאָל דערזען די נישטיקייט פון אַלע באַגערן און שטרעבונגען. אַ ווילדער געדאַנק איז אַדורך איר מוח: — כ'וועל שטאַרבן און זיך טרעפן מיט עמוסן.

די עלטערן האָבן באַמערקט איר לעטאַרגישן צושטאַנד און אַז אימה איז זיי באַפאַלן. די מאַמע האָט גערעדט צו איר: — קינד מײַנס, האָסט נאָך אַ גאַנץ לעבן פאַר זיך... דער טאַטע האָט זיך

איַינגעשפּאַרט — זי מוז אַרויס אויף דער פרישער לופט, וויפל וואָכן קען מען דאָס ליגן אין שטוב?

זי האָט זיך געלאָזט אָנטאָן ווי אַ שטייפע ליאַלקע. די מאַמע האָט זי גענומען אונטערן אָרעם און אַרויס מיט איר אין גאַס. פאַרבלענדט פון דער זון, האָט ס׳מיידל געשפּאַנט, ווי אַ לונאַטיקער. די וואַרעמע, זומערדיקע לופט האָט זי אַרומגענומען. זי האָט דערשפּירט דעם ריח פון די צעבליטע ביימער און ס׳זענען אין איר אויפגעגאַנגען די דערמאָנונגען פון ישראלדיקן ים, דעם בלויען, נידעריקן הימל, דער אייביק גרינער ערד.

— איז דען עמוס נישט געווען אַ טייל פון זיי?

זי האָט דערפילט א נאָגנדיקע בענקשאַפט נאָך דעם לאַנד, ווו ר׳האָט געלעבט, ווו ר׳האָט געקעמפט.

זי איז אַוועק אין אָוונט צו איר חברטאָרין לאַרעין. זי האָט אָנגעטראָפן דאָרט די זעלבע ליאַרמענדיקע באַוואַקסענע יונגעלייט און צעביכבעטע מיידלעך און מיטאַמאָל דערזען די פּוסטקייט פון דער געזעלשאַפט, די זינלאָזיקייט פון זייער עקזיסטענץ.

— כ׳קוק אויף זיי מיט די אויגן פון עמוסן — האָט זי געזאָגט צו זיך.

ווען ז׳האָט זיך אומגעקערט אַהיים, האָט די מוטער ס׳ערשטע מאָל, נאָך לאַנגע וואָכן, דערזען אויף איר טאָכטערס פּנים אַ שמייכל.

— כ׳מוז אַוועק אַהין, ווו עמוס האָט געלעבט — האָט דאָריס געטראַכט — כ׳וועל זיך דאָרט לערנען, כ׳וועל דאָרט לעבן...

# דער צלם־קאָפּ

ס׳גלעקל האָט געקלונגען. יצחק האָט אויפגעמאַכט די טיר. אויף דער שוועל האָבן זיך באַוויזן צוויי באַוואַקסענע יונגעלײַט. קאָפּ און קאַרק פול מיט קודלעס פון געקרײַזלטע האָר, פּנימער פאַרברוינטע. איינער פון די בחורים האָט געפרעגט צי אורה איז אינדערהיים און באַשאָנקען דעם טאַטן מיט אַ ווילעריש, האַלב־חוצפּהדיקן שמייכל. אין דעם פּאָטערס אויגן האָבן ביידע יונגעלײַט אויסגעזען, ווי צוויי פאַרקויפער פון שוק,* איינוווינער פון שכונת התקוה.**

דעם טאַטן האָט פאַרקלעמט דער אָטעם:

— אַט האָסטו! די מויד ברענגט מיר אַרײַן אין הויז צוויי מאַרק־שטייערס!

אורה האָט פאָרגעשטעלט דעם פאָטער די בחורים:

— מײַנע קאָלעגן, אברהם און חיים, שטודירן ס׳דריטע יאָר מעדיצין, אַזוי ווי איך.

— אומגלויבלעך — האָט דער טאַטע אַ מרוקע געטאָן צו זיך.

צומאָרגנס, ווען די טאָכטער איז אַוועק אין אוניווערסיטעט, האָט דער פאָטער אַ זאָג געטאָן צו זײַן ווייב: — מרים, וואָס זאָגסטו צו די צוויי לאַפּיטוטן, וואָס זענען נעכטן געווען בײַ אונדז?

— אַט, בחורים, ווי אַלע אַנדערע — האָט די פרוי זיך צעשמייכלט.

— איך לײַד זיי נישט! האָט זיך צעקאַכט דער טאַטע — ס׳איז נישט קיין פּאַסיקע געזעלשאַפט פאַר אונדזער טאָכטער.

---

* שוק — מאַרק.

** געגנט באַווינט פון ספרדישע ייִדן.

— יעדע נאַרישקייט, יצחק, רעגט דיך אויף און דער דאָקטער האָט דיך געבעטן שאַנעווען ס׳געזונט.

ס׳זענען אַדורך עטלעכע חדשים. די סטודענטן האָבן אָפט באַזוכט ס׳מיידל געזעסן בײַ איר אין צימער, גערעדט, געלאַכט און זיך אויך געלערנט.

דער פאָטער איז געוואָרן אומרויִק און לסוף באַשלאָסן אַ שמועס טאָן מיט דעם מיידל.

— הער מיך אויס, טאָכטערשע מײַנע, די צוויי בחורים געפעלן מיר נישט. פעלן טאַקע אויס סטודענטן, יונגעלייט אויפן אוניווערסיטעט ?

— כ׳פאַרשטיי דיך נישט, טאַטע...

— אורהלע, די בחורים זענען נישט פון אונדזער ספערע ! ס׳לעבן, מײַן טײַערע טאָכטער, איז נישט קיין קינדער־שפּיל ! אין לעבן דאַרף מען זיך צוקלייבן דעם געהעריקן פּאַרטנער. אויב נישט, לײַדט מען שפּעטער געברענטע צרות... מה דאָך ווען מען לעבט מיטן איידלסטן מאַן פעלן נישט אויס קיין פּראָבלעמען, טאָ על אחת כמה וכמה ווען דער לעבנס־באַגלייטער איז פון אַן אַנדערער סביבה, אַן אַנדערער וועלט.

— מײַנע פרײַנד זענען ספרדים — האָט די טאָכטער זיך אויפגערעגט — אָבער ייִדן זענען זיי... ווי קענסטו, טאַטע, לעבן אין אַ וועלט פון פאָראורטיילן ? מיט יאָרן צוריק האָסטו מיך געלערנט, אַז אַלע ייִדן זענען ברידער...

דער פאָטער האָט אַ קוק געטאָן אויפן מיידל. אַ וואָרף געטאָן : — מיר וועלן נאָך רעדן וועגן דעם ענין — און גיך אַרויס פון צימער.

איינער פון די בחורים, אברהם, האָט אויפגעהערט צו קומען, דערפאַר אָבער איז דער צווייטער, חיים, געוואָרן זייער אַן אָפטער גאַסט. ער פלעגט זיצן גאַנצע שעהען אין מיידלישן צימער, שמועסן, לערנען און גלאַט פאַרברענגען, אָפט עסן וועטשערע צוזאַמען מיט אורהן. אויב ס׳האָט אויסגעפעלט שפּײַז פלעגט ער גערן אַראָפּלויפן אין „סופּערמאַרקעט“.

דער טאַטע האָט זיך צוגעקוקט און געשאָקלט מיטן קאָפּ.
ער האָט ווידער געפּרוווט רעדן מיטן מיידל, אויסגעטײַטשט איר, אַז מ׳טאָר נישט סטאַביל גיין מיט אַ בחור.
— ס׳זענען דאָ צענדליקער בחורים אויפן פּאַקולטעט, וואָס האָסטו זיך גראָד אָנגעטשעפּעט אָן חיימען?
די טאָכטער איז געוואָרן אין כעס: — וואָס ווילסטו פון אים? ער איז אַ ווילער בחור!
דער טאָן פון אירע רייד האָט אַ שטאָך געטאָן דעם טאַטן.
אַ צעטראָגענער איז ער אַרויס פון מיידלישן צימער:
— דאָס פּישל האָט זיך געלאָזט כאַפּן אויף דער ווענדקע, וויי און ווינד צו מיר!
זײַן האַרץ האָט גענומען לויפן. ער האָט זיך צוגעשפּאַרט אויפן פּאָרבעטן בעט.
— באַרויִק זיך! באַרויִק זיך! האָט ער גערעדט צו זיך — קיין גוי איז ער דאָך נישט! ר׳איז אַ ייִדיש קינד. אפשר איז עס גאָר דער ריכטיקער זיווג? וואָס איז פון מיר געוואָרן? כ׳בין דאָך באמת אַ קליין־קעפּלדיק, ענגהאַרציק באַשעפעניש!
צומאָרגנס האָט ער פאַרטשעפּעט זײַן ווײַב:
— זאָג מיר, מרים, זענען מיר און די ספרדים באמת צוויי וועלטן?
די מאַמע האָט געשוויגן. זי האָט שוין לאַנג דערזען, אַז די פרײַנדשאַפט פון פּאָרל נעמט אָן אַן ערנסטן כאַראַקטער. ענדלעך איז זי אַרויס: — וואָלט ער אָפּגעשוירן די האָר וואָלט ער אַנדערש אויסגעזען... דערפאַר האָט ער טאַקע אַ ווילדע צורה...
דער טאַטע איז אַרויס מיט אַ בייזלעכן געלעכטער:
— נאָר דאָס ביסל האָר שטערט איר...
יצחק האָט געטראָפן אין גאַס איינעם פון זײַנע פרײַנד, אַרומגערעדט די לאַגע אין ישראל, געטיילט זיך מיט די נײַעסטע ידיעות, האָט דער פרײַנד, נישט מיר, נישט דיר, אַ זאָג געטאָן:
— כ׳טרעף איצט אָפּט אײַער טאָכטער אין געזעלשאַפט פון אַ יונגנמאַן. האַלט עס ביי אַ שידוך?

דער טאַטע האָט פּאַר אַ ווײַלע פאַרלוירן ס׳לשון. געקומען צו זיך, האָט ער גענומען לויבן דעם בחור, זײַנע גרויסע פעיִקייטן, זײַן דערפאָלג אויפן מעדיצינישן פאַקולטעט.

— און די משפּחה, וועד איז די משפּחה? — האָט דער פרײַנד אײַנגעביסן זיך מיט זײַנע אויגן אין יצחקס פּנים.

— פון גרויסן יחוס, פון זייער אַ גרויסן יחוס — האָט געשטאַמלט דער טאַטע.

ווען ר׳האָט זיך שנעל געזעגנט מיטן פרײַנד, הלמאַי מ׳וואַרט אויף אים אין דער היים, האָט ער דערפילט ווי זײַנע באַקן בריִען. ס׳איז אים באַפאַלן אַ מאָדנער באַגער: אויספּאַטשן זיך אַליין און דעם פרײַנד.

— אויף די אַלטע יאָרן דײַנע ביסטו אינגאַנצן פאַרנאַרט געוואָרן! פאַרוואָס האָסטו זיך פאַרטיידיקט? אַזאַ וויסט אומגליק! און דאָס זענען די ייִדן, וואָס האַלטן זיך פאַר פּאַטריאָטן — ישראלים, מישטיינס געזאָגט! פאַרוואָס זאָלן אונדז די אַראַבער נישט האַסן, אַז מיר האַסן זיך אַליין!

ווען יצחק האָט דערציילט וועגן דער באַגעגעניש, האָט זײַן פרוי אים רוּיִק אַ זאָג געטאָן: — אייגנטלעך, וועגן וואָס גייט דיר? דו קלעמסט זיך צוליב אַ נאַרישקייט.

— דאָס הייסט בײַ דיר, מרים, אַ נאַרישקייט! מײַן טאָכטער און דער בחור זענען צוויי וועלטן. איך גלייב, אַז דו געדענקסט מיט וואָס ס׳האָט זיך געענדיקט אַן ענלעכע מעשה ביי די וואָלינסקיס...

— כ׳ווייס, כ׳ווייס, ס׳מוז נישט פּאַסירן דאָס זעלבע בײַ אונדז. דו ביסט אַ צו הייסער פּאָטער. זאָגנדיק דעם אמת, וואָלט איך אויך וועלן אַ מער פּאַסיקן שידוך.

— וואָס מיינסטו? ס׳האַלט שוין דערבײַ? — האָט דער טאַטע אינסטינקטיוו פאַרקוועטשט זײַנע הענט אין פויסטן — כ׳וועל נישט לאָזן! ניין! בשום אופן נישט!

— דו האָסט גערעדט מיט אורהן? — האָט ער מיט אָנגעלאָפענע אויגן זיך אײַנגעקוקט אין ווײַבס פּנים.

— וואָס האָב איך צו רעדן מיט אורהן?

— טאָ אפשר האָסטו אַרויסגעקראָגן עפּעס פונעם מרוק וואָס הייסט חיים?

— פון חיימען? — האָט זיך פאַרוווּנדערט די פרוי.

— אמת איז, ער רעדט מיט אונדז גאָר ווייניק. ער שלײַכט זיך בײַ דער וואַנט, ווי ר'וואָלט מורא געהאַט, מ'זאָל אים נישט פאַרטשעפּען.

צו אורהס געבוירנטאָג האָט דאָס מיידל אײַנגעלאַדן אַ צענדליק בחורים און מיידלעך. די סטודענטן האָבן אָנגעפילט דאָס צימער מיט רווישיקער גערעדערײַ און געלעכטער. צווישן איין שטיקל טאָרט און דעם צווייטן, האָבן די מיידלעך דערציילט וועגן איבערלעבענישן בײַ די עקזאַמענס, וויצן וועגן פּראָפעסאָרן. די ריי איז געקומען אויף די סטודענטן. צה"ל איז געוואָרן די הויפּט־טעמע.

אורהס טאַטע איז אַדורך דאָס צימער אויפן וועג צו דער קיך און דערהערט חיימס שטימע:

— ס'איז געווען די יום־כפור מלחמה. מיר האָבן געמוזט פאַרנעמען דעם באַרג. אַ קלייניקייט! גיי דראַפּע זיך אויף פעלדזיקע ווענט! אָבער אַ באַפעל איז אַ באַפעל! די נעגל האָבן זיך געבראָכן, די הענט האָבן געבלוטיקט. מיר האָבן געבענטשט יעדע שפּאַרע אין באַרג, יעדעס לאָך. סירישע קוילן האָבן פאַרבײַגע־זשומעט...

יצחק איז אַרײַן אין קיך. ער איז געשטאַנען אַ ווײַלע פאַרטראַכטערהייט: — ער איז געווען אין חטיבת גולני* — דער בחור. נישט קיין וווּנדער, וואָס כ'האָב אים קיינמאָל נישט געהערט הויך לאַכן. אַ מאָדנער שולד־געפיל איז באַפאַלן אורהס טאַטע.

זיי זענען אַלע געזעסן בײַם טיש, געגעסן וועטשערע. די טאָכטער האָט דערציילט וועגן די שווערע עקזאַמענס, וואָס זי דאַרף באַלייגן. חיים האָט געטענהט, זי נעמט אַלץ צו ערנסט, די

---

* אָפּטיילונג פון צה"ל.

מוטער האָט געמאַכט אַ באַמערקונג, אַז אורה לערנט זיך צופיל, פונקט ווי חיים פאַרלאָזט זיך צופיל האָר.

— איר זעט שוין באַלד אויס ווי די אַפריקאַנער נעגערס!

— די אַפריקאַנער טשופּרינעס זענען זייער שיין — האָט זיך דער בחור צעשמייכלט.

— מיר זענען אין ישראל און מיר זענען ישראלים און נישט קיין נעגערס — האָט זיך היציק אַרײַנגעמישט דער עלטסטער פון דער משפּחה — און גרויסע קודלעס זענען מיאוס.

— אַזוי טראַכט איר, אָבער אַנדערע טראַכטן אַנדערש — האָט דער בחור רויִק געענטפערט.

— אַ שווערער ביסן, אַ בחור אַן עקשן! — האָט געטראַכט אורהס טאַטע.

אַ פּאָר טעג שפּעטער האָט זיך חיים באַוויזן מיט קירצערע האָר. מרים האָט גראַטולירט חיימען.

ס'האָט גענומען עטלעכע וואָכן און דער בחור איז ווידער געווען באַוואַקסן ווי פריִער.

יצחק האָט זיך צוגעוווינט צו זען אים זייער אָפט, אָבער ר'האָט נישט געקענט פועלן בײַ זיך, אַז דער בחור וועט ווערן אַ מאָל זײַן איידעם.

— פונקט מיך האָט עס געדאַרפט טרעפן... ווער ווייסט וואָס פאַר אַ מאַן ר'וועט זײַן... בײַ די ספרדים האָבן די ווײַבער אַ קנאַפּע דעה. פאַראַן אויך אַזעלכע חברה־לײַט וואָס זשאַלעווען נישט קיין מתּנת יד די פרויען...

— גאָט מײַנער, מײַן טײַערע בת יחידה זאָל אַרײַנפאַלן אין אַזעלכע הענט... קלוג, שיין, אינטעליגענט, איינע פון די בעסטע סטודענטינס אויפן מעדיצינישן פאַקולטעט!

ער האָט זיך געיאָדעט, געפּרעסן, כאָטש ר'האָט געגוי געוווּסט, אַז חיים געהערט נישט צו דער קאַטעגאָריע פון ספרדים — פּראַסטאַקעס, צום ערב־רב.

ר'האָט געוואָלט זיך באַהערשן און נישט געקאָנט. אומעטום האָט ער געזוכט ידיעות וועגן די ספרדים. געלייענט די צײַטונגען

און איז געווען צופרידן ווען ר׳האָט אָנגעטראָפן אויף ספרדישע געלערנטע, מיניסטאָרן, באַוווּסטע פּובליציסטן. גלייך אָבער האָט ער געשווידערט צוליב די מעשים פון די ספרדישע „שוואַרצע פּאַנטערס״.

ס׳האָט אים געוואָרפן אַהין און צוריק און ער האָט געפילט ווי ער ווערט קראַנק צוליב דעם בחור.

— וואָס זאָגסטו, פרוי מײַנע, וועגן חיימען — האָט ער פאַרטשעפּעט זײַן פרוי.

— הער זיך אויף צו דרייען דײַן קאָפּ צוליב אים — איז געווען איר ענטפער — מיר ביידע האָבן ווייניק וואָס צו זאָגן. צו זאָגן האָט נאָר אונדזער טאָכטער. און זי ווייסט שוין וואָס זי וויל... און דו הער אויף צו יאָמערן. דער בחור וועט אין דריי יאָר אַרום ווערן אַ דאָקטער און אַ דאָקטער איז אַ דאָקטער.

— אייגנטלעך, וואָס לייג איך אײַן ווערטן? — האָט דער טאַטע גענומען טראַכטן — מײַן ווײַב איז גערעכט: אַ דאָקטער איז אַ דאָקטער.

אין איינעם אַ טאָג, זיצנדיק בײַם טיש, בײַם אָוונטברויט, האָט חיים דערציילט וועגן זײַן זיידן, אַ שוסטער, וואָס האָט געוווינט אין איין שטוב מיט זײַנע זיבן קינדער.

— הײַנט וווינען מיר אין פיר צימערן מיט פינף קינדער. דער טאַטע פאַרדינט גוט, — האָט ער פאַרענדיקט.

— נישט קיין נאַר — האָט געטראַכט אורהס פאָטער — דער בחור וויל ווײַזן ר׳איז נישט קיין אָרעמאַן. אויך גוט. ס׳האָט געקענט זײַן ערגער!

ס׳איז געקומען יולי און ס׳האָבן זיך באַוויזן די חמסינען. אורהס פאָטער האָט זיך געניייטיקט אין פילן פון דער אַפּטייק. ער איז אַרויס פון דער שטוב און דער הייסער מדבר־ווינט האָט אַ שלאָג געטאָן אין זײַן פּנים. זײַן האַרץ האָט גענומען האַסטיק קלאַפּן און ער איז צוריק אַרײַן אין הויז. פון דער גאַס זענען געקומען די טאָכטער און איר בחור, מונטערע און פריילעכע.

— וואָס שטייסטו אַזוי פאַרטראַכט? — האָט אורה געפרעגט דעם טאַטן.

— כ׳קען נישט אַרויס אין גאַס און כ׳דאַרף קויפן אַ מעדיצין.

— כ׳וואָלט גערן זי דיר געבראַכט, אָבער כ׳בין זייער מיד — האָט זיך אַנטשולדיקט די טאָכטער.

— גיט מיר דעם רעצעפּט — האָט זיך אַרײַנגעמישט חיים.

אַ האַלבע שעה שפּעטער האָט ער געבראַכט די פּילן.

ס׳זענען אַדורך עטלעכע וואָכן. מרים, אַ צעשטראַלטע, האָט דערציילט איר פאַרכמורעטן מאַן אַן אינטערעסאַנטע געשיכטע: — גייסט אַרום אַ פאַרזאָרגטער גאַנצע טעג, על כן שטעל אויף די אויערן! נעכטן האָט דער בחור געזאָגט דײַן טאָכטער בזה הלשון: — אויב דו וועסט טרעפן עמעצן, וואָס וועט דיר בעסער געפעלן ווי איך, זאָג מיר און איך וועל אַוועק, אָן קיין שום טענות.

— זייער פײַן, מײַן טײַערע מרים, אָבער פאַרוואָס רעדט ער צו אונדז אַזוי ווייניק. מ׳פרעגט אים, ענטפערט ער. אַנדערע בחורים זענען מער צוגעלאָזט, מער באַרעדעוודיק. און איצט זײַנע מאַניערן. אָפּגעגעסן די וועטשערע צעשפּרייט ער די פיס, פאַרוואַרפט דעם קאָפּ אויפן בענקל, ציט אויס די הענט. וואָס פאַר אַ באַנעמונג איז דאָס? ער איז דאָך נישט אין קיין קרעטשמע.

— יצחק, די מאַניערן וועט ער זיך אויסלערנען, דאָס איז נישט דער עיקר.

רעדנדיק צו זײַן פרוי, האָט זיך יצחק פּלוצעם דערמאָנט אין זײַן מאַמען — די ליטוואַטשקע, וואָס האָט חתונה געהאַט מיט זײַן טאַטן — דעם פּוילישן ייִד. די קרובים פון איר מאַן זענען נישט איבערגעטראָגן די שוועל פון איר וווינונג, די קינדער פון די קרובים פלעגן, טרעפנדיק זי אויף דער גאַס, איר נאָכשרייען:

— ליטוואַק צלם־קאָפּ! ליטוואַק חזיר!

— בין איך בעסער פון זיי? — האָט ער איצט געטראַכט.

די טאָכטער איז געווען אין אוניווערסיטעט. די פרוי איז געווען אין „סופּערמאַרקעט״. יצחק איז געווען אַליין אין שטוב. ער

האָט דערשפּירט אַ ווייטיק אין דער לינקער זייט פון ברוסט־קאַסטן. ער האָט זיך צוגעשפּאַרט אויפן פּאַרבעטן בעט. דער ווייטיק איז פאַרשוווּנדן. ס׳איז אים שווער געווען צו אָטעמען. עמעץ האָט געקלונגען בײַ דער טיר. יצחק האָט זיך אַראָפּגעשלעפּט פון בעט און געעפנט. ס׳איז געווען חיים. דערזעענדיק דאָס בלייכע געזיכט פון באַלעבאָס, האָט ער אַ פרעג געטאָן:

— וואָס איז אײַך?

יצחק האָט זיך אָוועקגעלייגט אויפן בעט. חיים האָט אָנגענומען זײַן האַנט, אונטערגעזוכט דעם פּולס. מיטאַמאָל האָט אורהס טאַטע גענומען שווער דעכען, אויפגעריסן ברייט דאָס מויל, ווי אַ פיש אונטערן האַקמעסער. ס׳פּנים איז געוואָרן בלווילער־אַשיק. ער האָט פאַרשלאָסן די אויגן, פאַרהאַקט ס׳מויל.

חיים האָט מיט ביידע הענט אויפגעריסן אים ס׳מויל און גענומען אַרײַנאָטעמען זײַן גאַנצן לופטפאַרמעג, ער האָט זיך אויפגעהויבן, אָנגעשעפּט פרישע לופט און ווידער צוגעפאַלן צו יצחקס ליפּן.

עס האָט גענומען לאַנג ביז דער קראַנקער האָט געעפנט די אויגן. יצחק איז געלעגן אין בעט אַ פּאָר וואָכן. דער דאָקטער, וואָס האָט אים באַזוכט האָט זייער געלויבט חיימען.

ווען אורהס טאַטע איז געקומען צו זיך, האָט חיים פאַרבעטן די עלטערן פון דעם מיידל צו זײַנע טאַטע־מאַמע. — שוין! וואָס איז די גראַטשקע? — האָט יצחק געפרעגט זײַן פרוי. דאָך איז ער געגאַנגען. ס׳האָט געוואַרט אויף אים אַ סורפּריז. די פּנימער פון חיימס עלטערן זענען געווען העל, ווי די פרימאַרגנס אין פּוילישן שטעטל. זיי האָבן גערעדט העברעיִש אָן אַ כאָרכלען. די וווינונג איז געווען ציכטיק, ריין. די עלטערן זענען געווען האַרציקע, אויפריכטיקע מענטשן. יצחק האָט פּאַר ליב גענומען די געשרייען פון די קינדער, וואָס האָבן זיך געשפּילט אין צווייטן צימער און זענען פון צײַט צו צײַט געקומען אַרײַנצולויפן אין גאַסט־ציטער. חיימס טאַטע איז געווען אַן אַרבעטער, אַ האָרעפּאַשניק,

באַשעפטיקט פון באַגינען ביז שפּעט אין דער נאַכט. ער האָט געלויבט זײַן זון חיים, וואָס לערנט זיך און אַרבעט.

— ער אַרבעט? — האָט איבערגעפרעגט יצחק.

— יאָ — האָט זיך צעשמייכלט דער טאַטע. — ער אַרבעט פּריוואַטיק און שבת אין שפּיטאָל, אַרויסהעלפנדיק די שפּיטאָל־שוועסטערן. ער דעקט אַזוי נאָך די קאָסטן פון שכר־לימוד, צאָלט פאַר אַ דריטל־צימער צוזאַמען מיט צוויי אַנדערע סטודענטן.

— אינטערעסאַנט — האָט געטראַכט יצחק — חיים האָט קיינמאָל נישט דערמאַנט וועגן זײַן אַרבעט.

יצחק האָט געשלונגען מיט גרויס אַפּעטיט די מאַנדלען, ניס, פײַגן און טייטלען וואָס זענען געשטאַנען אויפן ווײַס־געדעקטן, יום־טובדיקן טיש. ער האָט געגעסן און געטראַכט:

— ווי גוט איז מיר דאָ צווישן די מענטשן, ווי אויסטערליש גוט.

צוריקגעקומען אַהיים אַ צופרידענער, האָט ער אַ זאָג געטאָן צו זײַן פרוי: — גאָט צו דאַנקען, ס׳איז נישט אַזוי שלעכט ווי כ׳האָב זיך פאָרגעשטעלט.

די פרוי האָט געשמייכלט: — דו טרייסט זיך און דו שעמסט זיך פאַר זיך אַליין. דו ווייסט אָבער נישט ווער ס׳וועט קומען צו דער חתונה...

— וואָס, מיר האַלטן שוין בײַ אַ חתונה? — האָט געשטוינט אורהס טאַטע — מיר האָבן נישט קיין צײַט?

— וואָס ווילסטו צעשיידן צוויי יונגע מענטשן, וואָס האָבן זיך ליב? — האָט ס׳ווײַב אים אַנגעקוקט.

ער האָט איצט אין די נעכט נישט געקאָנט אַנטשלאָפן ווערן. ער האָט זיך אײַנגעהאָרכט אין דער שטילקייט און געטראַכט, אַז זי וועט אים איין טאָג אײַנשלינגען, ווי אַ ריזיקער, שטומער פיש שלינגט אײַן אַ פישעלע און גאָרניט, גאָרניט וועט בלײַבן נאָך אים... נאָר זײַן ווײַב און זײַן קינד וועלן אים דערמאָנען... זאָלן זיי אים מזכיר זײַן צום גוטן.

די חתונה איז פאָרגעקומען אין איינעם פון די שענסטע זאָלן

פון דער שטאָט. די עלטערן פון דער כּלה האָבן באַגריסט ווייערע געסט מיט אַ שמייכל אויף די ליפּן. יצחק האָט מיט שפּאַנונג געהאַלטן אין איין קוקן אויף דעם עולם מחותּנים. אַנשטאָט שטעלן אַ חופּה, האָט מען אויסגעשפּרייט אַ טלית איבער די קעפּ פון חתן־כּלה און די מחותּנים. אַ ספּרדישער רב איז געווען דער מסדר קידושין. דער אָרקעסטער האָט געשפּילט אַ הורה און דער עולם האָט געטאַנצט. אורהס פאָטער איז געגאַנגען פון איין טיש צום צווייטן, געפרעגט די געסט צי זיי זענען צופרידן. אַ באַבײַכלטער מאַן מיט אויסגעקראַכענע האָר אויפן קאָפּ האָט זיך אויפגעשטעלט פון פּלאַץ און אַוועקגעפּירט יצחקן אין עק פון זאַל. מיט אַ זיס שמייכעלע אויף די ליפּן האָט ער שטיל געפרעגט:

— דער מחותּן אייערער, וואָס טוט ער און וויפל קינדער האָט ער?

יצחק איז געוואָרן בלייך. האָט אָנגעשפּיזט די אויגן אויפן גאַסט:

— איר ווילט דאָך זײַן זיכער, צי ער איז אַ ספּרדישער ייִד? יאָ, יאָ, ער איז עס! וועגן דער גאָלדענער תּקופה פון די ייִדן אין שפּאַניע ווייסט איר זיכער גאָרנישט. פון וואַנען זאָלט איר וויסן? באַרימטע מלוכה־מענער, גרויסע רבנים, געלערנטע, פילאָזאָפן און דיכטער זענען דאָן געווען בײַ די ספּרדישע ייִדן. אויך אַזאַ צײַט וועט אַמאָל קומען דאָ אין לאַנד. אַ צײַט פון אויפבלי פון ספּרדישן ייִדנטום. און וואָס שייך מײַן מחותּן, איז ער אַ פּשוטער אַרבעטער, אָבער איך וועל אים נישט טוישן פאַר אַ רײַכן אַשכּנזישן ייִד, אַפילו ער זאָל האָבן אײַער פאַרמעגן און אײַער שכל.

אורהס טאַטע איז אַוועק, איבערלאָזנדיק דעם גאַסט שטיין מיט אַן אָפן מויל.

יצחק איז פאַרבײַ אַ שפּיגל אויף דער וואַנט. ער האָט געוואָרפן אַ בליק אויף זיך: — כ׳בין טרויעריק, פאַרוואָס בין איך אַזוי טרויעריק?

# אינהאַלט

ביכער פון זעלבן מחבר:

**וועגעענער ציִען צו סוף וועלט**

פאַרלאַג „המנורה" תל־אביב, 1986

**הערש און מרים**

(ענגליש)

פאַרלאַג „המנורה" תל־אביב, 1973